נחמן מייזיל

# נאָענטע און ווייטע

ערשטער באַנד

דריטע אויפלאַגע

ווילנע — 1930
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט

זייט

# צען יאר

## (אַלגעמיינער ליטעראַרישער סך־הכּל)

### I



ין 1912 האָט בעל־מחשבות אונטערגעפירט אַ סך־הכּל דער לעצטער ליטעראַרישער עפּאָכע און אָנגעצייכנט די הויפּט־שטריכן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.*)

אין דער דאָזיקער אָפּשאַצונג באַזירט זיך בעל־מחשבות אין פיל פּרטים אויף דער קרענקלעכער באַדנלאָזיקייט און פאַר־צווייפלטער אויפפאַסונג פון דער יידישערווירקלעכקייט און ער זעט דעריבער אין דער ליטעראַטור צופיל טרויעריקע טענער און פאַרבן. מחמת דעם קרענקלעכן פעסימיזם, פון וועלכן בעל מחשבות גייט אַרויס אין זיין דאָזיקער אָפּהאַנדלונג, איז פיל לעבעדיקעס, געזונטעס, וואָס איז דאַן שוין געווען אין ליטעראַטור, פון אים פאַרהוי׳ט. אָפטמאָל פירט ער אַריבער די שוואַכקייטן פון דעם אָדער יענעם קינסטלער אויף דער ווירקלעכקייט גופא, פאַראַלגעמיינט עס צופיל און זוכט מאָטיוון און סיבות דערצו; ווען דער אָדער יענער שרייבער פאַרמאָגט נישט קיין שעפערישע מעגלעכקייטן צו דערהויבן זיין ווערק צו אַ געוויסער קינסטלערישער הויך, הייסט ביי בעל-מחשבותן, אַז דאָס יידישע לעבן איז באַגרע־בעצט און פאַראָרעמט.

---

*) בעל-מחשבות — די לעצטע ליטעראַרישע עפּאָכע (אַלגעמיינע כאַראַק־טעריסטיק), 1912.

אין אַלגעמיין אָבער איז בעל-מחשבותעס כאַראַקטעריסטיק אין תוך אַ ריכטיקע, און לייענען מיר זי איצט, נאָך צען יאָר, אַדורך, ווערן מיר נשתומם און איבערראַשט פון דעם געוואַלטיקן מהלך, וואָס ליגט צווישן דער געשילדערטער ליטעראַרישער עפּאָכע פון צוריק מיט צען יאָר און אונזער איצטיקער ליטעראַריש-קינסטלערישער וועלט. מיר זעען, ווי שטאַרק מיר זיינען פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אויסגעוואַקסן. פאַר דער קורצער צייט איז פאָרגעקומען אין אונזער שאַפונג-וועלט אַן ערנסטער, טיפער און ביז גאָר אינטערעסאַנטער אַנטוויקלונג-פּראָצעס, וואָס האָט שוין געבראַכט שטאַרקע, ראַדיקאַלע ענדערונגען אין אונזער קולטור-קינסטלערישן פאַרנעם און אָנגעצייכנט נייע וועגן, נייע פּערספּעקטיוון פאַר אונזער ווייטערדיקן שעפערישן לעבן.

דאָס נייע ליגט נישט נאָר אין די נייע ווערק, וואָס זיינען פאַר דער צייט דערשינען, נאָר בכלל אין דעם נייעם קולטור-גייסטיקן צושטאַנד, אין דער שעפעריש-יידישער אַטמאָספער, אין וועלכער ס'לעבט און ס'וואַקסט די נייע יידישע ליטעראַטור, צוגלייך מיט דער יידישער קולטור אויף אַלע אירע געביטן.

און בעל-מחשבותעס כאַראַקטעריסטיק און זיין געשילדערט בילד, ווען מיר נעמען זיי פאַרגלייכן מיט אונזער ליטעראַרישער עפּאָכע, שטרייכט בולטער אונטער דעם וועג, וואָס מיר זיינען אַדורכגעגאַנגען פאַר די צען שווערע און ביז גאָר צערודערטע יאָרן. דאָס, וואָס האָט דאַן אויסגעזען גאָר ניי און ס'האָט שטאַרק געהייצט, קוקט שוין איצט אַרויס פון אַ געוויסער ווייטקייט און אין געוויסע טיילן געהערט עס שוין דער געשיכטע פון ליטעראַטור און איז שוין אַן אַדורכגעגאַנגענע תקופה. פאַר דער צייט זיינען צוגעקומען פּי. קינסטלער, וואָס האָבן צוגעגעבן דער ליטעראַטור גאָר אַן אַנדער אויסזען און האָבן מיט זייערע ווערק צונישט געמאַכט דעם דיאַגנאָז, וואָס בעל-מחשבות האָט דאַן אוועקגעשטעלט פאַר פיל ליטעראַרישע דערשיינונגען. פאַר דער צייט איז די ליטעראַרטור אַוועק גאָר אויף אַן אַנדער וועג. איייניקע אַלגעמיינע באַהויפּטונגען זיינען מיט דער צייט אַליין אָפּגעפרעגט געוואָרן. עס זיינען דערוועקט געוואָרן נייע פּראָב-

לעמען, נייע אויפגאַבן, און עס זיינען אופיגעקומען נייע האָריזאָנטן פאַר דעם יידישן שעפערישן געדאַנק.

וועלכע זיינען די הויפּט-טענדענצן פון דער יידישער ליטע-ראַטור פון צוריק מיט צען יאָר?

„דאָס גיכע צעפאַלן ווערן — זאָגט בעל-מחשבות — פונם אַלטן יידישן לעבן, וואָס האָט באַשאַפן אַ קליינע מעגלעכקייט פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ יידישער פערזענלעכקייט, האָט צוגלייך אַוועקגענומען ביי איר דעם נויטיקן פלאַץ און די נויטיקע לופט פאַר דער פולער אַנטוויקלונג אירע".

„די היינטיקע ליטעראַטור אונזערע איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן איינזאַמקייט-געפיל. איר הויפּט-פאָרם — די קליינע נאָוועלע — איז נישט קיין צופאַל. ס'קומט אויס, ווי זי וואָלט סימבאָליזירט די אָפּגעריסנקייט פון אונזערע איבערלעבונגען, וואָס זיינען נישט צונויפגעבונדן מיט די ברייטע פּערספּעקטיוון פון צייט און רוים אין סאָציאַלן זין". —

דער היינטיקער שרייבער „האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין פּאַטריאַרכאַלישן עבר און איז אַוועק אין דער גרויסער שטאָט נישט בלויז נאָך אַלגעמיינער בילדונג, נאָר אויך כדי צו זוכן אַ נייעם אינהאַלט פאַר זיין יידישער נשמה. ער געפינט זיך דער-ווייל אין אַ פּאָרמירונגס-פּראָצעס, פרעמד דערווייל פאַר זיינע אייגענע און פונקט אַזוי פרעמד פאַר די אַנדערע. ער רייסט זיך נישט אָפּ פון זיין פאָלק, ווי זיינע פאָרגייער פון די פריערדיקע דורות — ער וויל באַשאַפן אַ סינטעז צווישן יידישקייט און די אַלגעמיין-מענטשלעכע פאָדערונגען פון זיין נשמה".

די העברעאישע און יידישע ליטעראַטורן זיינען ביי בעל-מחשבותן צונויפגעבונדן, און זייער אַנטוויקלונגס-וועג ציט זיך ביי אים אין איין איינהייטלעכער ריכטונג, שטאַמט אַרויס פון איינע און די זעלבע לעבנס-דערשיינונגען און שפייזט זיך פון איין נאַציאָנאַליסטיש-אידעאָלאָגישער סביבה.

און פון דעם אַלעמען איז שוין פאַרשטענדלעך און נאַ-טירלעך דער אויספיר, וואָס בעל-מחשבות האָט געמאַכט:

„די לעצטע יאָרן באַמערקט זיך אַ געוויסער שטילשטאַנד אין דער ליטעראַטור. ס'דאַכט זיך, אַז אי די העברעאיסטן, אי די יידישיסטן האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט און זיינען מער נישט בכּח צו שענקען אונז אַזוינע ווערק, וואָס זאָלן שטיין אויף דער מדרגה פון די אַמאָליקע אַרבעטן זייערע. ס'האָט הפּנים, ווי די יונגע ליטעראַטור וואָלט האָבן צו גיך אָפּגעלעבט, אַז די סימנים פון ע״טער זיינען געקומען פריער, איידער דאָס קומט פאַר נאָרמאַל״...

II

אין ווירקלעך. די עטלעכע יאָר נאָך דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע, נאָך 1905—1906, איז דאָס יידישע גייסטיקע לעבן געווען שטאַרק הינטערטשעליק. אין לעבן האָט געהערשט דאַן אַ שטאַרקע אומבאַהאָלפנקייט, די ברייטע אַרבעטער-מאַסן און די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ זיינען געווען לגמרי דערשלאָגן און אַנטוישט. די אַקטיווע פּאַרטיי-טוער זיינען זיך אין פאַרשיידענע זייטן צעלאָפן, עמיגרירט, אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּריוואַטע עסקים און זיך געיאָגט נאָך תּכלית. קיין ברייטע קולטור-געזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז נישט געווען, און די ליטעראַטור האָט געפירט אַ שטיל, דערשלאָגן לעבן, געווען איינגעשלאָסן אין איי־גענער, איינגער וועלטל און נישט בכּח געווען צו באַהערשן דעם מידן און פאַרצווייפלטן יידישן לעזער. ס'האָט געפעלט די באַוועגונגס-קראַפט, וואָס קומט פון טיפע, גייסטיקע באַדערפענישן און ס'האָט לחלוטין געפעלט דער פּאַטאָס פון שאַפן. די ליטעראַטור האָט דער עיקר געלעבט פון ירושה. זי האָט געצויגן יניקה פון די פאָלקסקוואַלן, וועלכע מ'האָט אויפגעדעקט אין די יאָרן 1901 — 1904.

אַלע יונגע און יונגערע האָבן געהאַלטן דאַן אין איין שילדערן איינצעלנע מאָמענטן און איינצעלנע מענטשן פון דעם פּאַטריאַרכאַלן שטעטל און געפּרובט צו געבן אין זייערע ווערק די איינצעלנע אומבאַהאָלפענע יחידים, וואָס רייסן זיך אַרויס פון זייער סביבה און פאַלן אַריין אין דער

פרעמדער גרויסער שטאָט און דאָרט בלאָנקען זיי אַרום איינזאַ-
מע, פרעמדע. דוד פּינסקי, אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג, ש.
אַש (אין זיינע פריערדיקע דערציילונגען), ל. לעווין, י. מ. ווײַ-
סענבערג (אין פיל נאָוועלן) יונה ראָזענפעלד, ז. י. אנכי, ל. שאַ-
פּירא, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, פּ. האַלפּערין, ד. קאַסעל, און אַנדערע
האָבן אין יענע יאָרן געגעבן דער עיקר קליינע שילדערונגען פון
דאָס אויסערלעכע יידישע לעבן, געגעבן עפּיזאָדן, בילדערישע
שטיקלעך און ברעקלעך פון זיך אַליין, פון זייערע נאָענטע, אָן
ברייטע האָריזאָנטן, אָן די פאַרצווייגטע און פאַרטיפטע פאַרהעל-
טענישן פונם אַלגעמיינעם אַרומיקן לעבן, פון וועלט-פּראָבלעמען
און אַפילו אויך נישט פון דעם ברייטן יידישן משפחה-לעבן. אויך
די יונגע דיכטער משה טייטש, ב. לאַפּין, אַ. רייזען, ז. סעגאַלאָ-
וויטש, י. פיכמאַן, און אין געוויסן זין אויך דוד איינהאָרן האָבן
אין זייערע לידער געגעבן דאַן די ערשטע אוממיטלבאַרע איינדרוקן
פון דער נאַטור, ערשטע אוממיטלבאַרע געפילן פון ליבע און
פאַרצווייפלונג-געפילן אין גאַנץ פרימיטיווע פאַראייינפאַכטע פאָרמען
און אויסדרוקן.

די ליטעראַטור האָט געטראָגן אַ שטוביקן, איינג-צימערישן
כאַראַקטער, אָן דעם הילכיקן אָפּקלאַנג פון דער טומלדיקער
גאַס. זי איז געווען אַן אַסקעטישע, דערווייטערט פון לעבנס-גע-
רויש און נישט פאַרמאָגט קיין עלעמענטן, וואָס זאָלן איבעראַשן,
באַוואונדערן, אַנטציקן און אויפפלאַקערן.

און ווי די ליטעראַטור, אַזוי אויך אונזער קריטיק.

אונזערע קריטיקער זיינען געווען אַפּאָלאָגעטיקער פון
יידיש. מיט אַנטציקונג האָבן זיי באַגעגנט אַלע ביי-געקומענע,
וואָס זיינען גרייט געווען צו דינען די אָרעמע יידישע ליטע-
ראַטור און אַריינצוטראָגן זייערע שטימען אינם אַלגעמיינעם
יידישן כאָר. קיין באַזונדערע פאָדערונגען האָט מען דער ליטעראַטור
נישט געשטעלט. נישט געווען קיין טיפע, אינערלעכע אָפּשאַ-
צונג. דאָס ווערק האָט נישט באַדאַרפט באַפרידיקן די אייגענע
קינסטלערישע באַדערפעניש. פאַר די אויגן איז געווען דער
„אָרעמער", אָפּגעשטאַנענער מאַסן-לעזער, פאַר אים האָט מען

אָנגעמאָסטן יעדן נייעם בוך און גלייך געגומען קרוינען די אַלע אָנהויבער פאַר גדולים און קלאַסיקער. מ'האָט לחלוטין אָנגעוואָרן די מאָסן פון אמתער שאַפונג. נישט געווען קיין דיפערענצירונג, קיין אונטערשייד צווישן פּרצן און רייזענען, צווישן אַשן און יונה ראָזענפעלדן. די קריטיק איז געווען פול מיט איבערגעטריבענע, מליצהדיקע לויב-געזאַנגען, נישט פאַרטיפט זיך אַליין אין די ווערק און נישט געפּרובט צו ערגען אַ צווייטן, און דערמיט אפילו שאָדן געבראַכט הן דעם שרייבער, הן דעם לעזער.

די ליטעראַטור איז ווייניק געווען פאַרבונדן מיט די איבעריקע געביטן פון אונזער קונסט, וואו עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ ערנסטער דראַנג נאָך מאָדערנעם שאַפן. אונזער טעאַטער, מוזיק, מאָלעריי האָבן זיך כמעט באַזונדער פון דער ליטעראַטור דורכגעשלאָגן אַ וועג און זיך געריסן פון די קאָסמאָפּאָליטישע אָדער פאָלקסטימלעכע פאָרמען און אינהאַלט צו אייגענער, אָרגאַנישער יידיש-וועלטלעכער שאַפונג.

דאָס אַלץ האָט נישט געשאַפן די פּאַסנדיקע סביבה פאַר דעם וואוקס פון דער פערזענלעכקייט אין אונזער ליטעראַטור און נישט געגעבן די מעגלעכקייט פאַר דעם פאַרטיפטן, פאַרצווייגטן שאַפן. דער גייסטרייכער, אינטעלעקטועלער, ראַפינירטער מענטש האָט אין די באַשרענקטע ראַמען פון דער יידישער גייסטיקער סביבה קיין אָרט פאַר זיך נישט געפונען און ממילא איז ער אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער ספערע פון ווירקן און ווערן געווירקט אין דער יידישער שאַפונג-וועלט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אָן אַ זייט אָדער אינגאַנצן אַוועק פון יידישן לעבן. אין ליטעראַטור האָט געגומען הערשן די דורכשניטלעכקייט, דאָס פּרימיטיוו-פאַראיינפאַכטע, און דער מער אַנטוויקלטער יידישער לעזער האָט געהאַט נאָר אַ אידעישע שייכות צום יידישן שאַפן און נישט קיין אינטים-אינערלעכע פאַרבינדונג פון קעגנזייטיקער ווירקונג.

בלעטערן מיר אַדורך דאָס רוב זשורנאַלן, זאַמלביכער און זאַמלונגען, וואָס דער וואַרשעווער און אַביסל אויך דער ווילנער ביכער-מאַרק האָט אַרויסגעוואָרפן פאַר יענע עטלעכע יאָר, בלייבן

מיר אַנטשטוינט פונם קינסטלערישן מישמאש, וואָס האָט דאַן גע־הערשט אין אונזער גייסטיקער וועלט. דער „אָנפירער", דער „לייטער" איז געווען דער פאַרלעגער, וואָס האָט גרופּירט, צוגע־צויגן און דערנענטערט וועמען ער האָט געוואָלט און וואָס ער האָט געוואָלט. וועגן וואָסערע ס'איז קולטור־קינסטלערישע גרופּירונגען פון באַשטימטע אויסגעשפּראָכענע ריכטונגען און פּערספּעקטיוון איז אָפּגערעדט. קיינע קאָלעקטיווע זוכענישן און קיין געמיינזאַמע שעפערישע אָנשטרענגונג איז כמעט ווי נישט געווען. די איינציקע פּרובן צו אָרגאַניזירן און זאַמלען די שעפערישע ענער־גיע—פּרצס „וואָכנשריפט" (וואַרשע) „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן" (ווילנע) „יידישער אַלמאַנאַך" (קונסט־פאַרלאַג קיעוו)—מיט אַן אויס־געשפּראָכענעם קינסטלערישן ווילן האָבן זיך נישט איינגעגעבן און קיין אריכת־ימים נישט געהאַט.

פון אויבן אָן זיינען געשטאַנען לידסקיס „פּראָגרעס" און שימינס „וועלט־ביבליאָטעק", און זיי, מיט זייער גוטן ווילן און דער עיקר מיטן פאַרלעגערישן חוש, האָבן זיי באַווי־ליקט דאָס דערשיינען פון דעם אָדער יענעם ווערק, פון די אָדער יענע „שריפטן". האָט דער ביכער־מאַרק „געפּאָדערט" דיקע ביכער, איז אַוועק אַ סדרה מיט דיקע אויסגאַבן, האָט מען דערשמעקט אַ נאָכפרעג אויף „ליטעראַרישע" זאַמלונגען, האָט מען ביי די שריי־בער געצויגן אויף גיך און גרינג צונויפגעשטעלטע זאַמלביכלעך.

די יידישע פּרעסע אין וואַרשע האָט דאַן געמאַכט די ערשטע, נישט זיכערע טריט, געזיכט אַלץ דעם וועג צום מאַסן־לעזער און זיך געוואָרפן אויף די שונד־ראָמאַנען. זי האָט זיך אַליין פאַרגוואַלדעוועט, אַבי צוציען וואָס מער דעם מאַסן־לעזער און פאַר ליטעראַטור—און דער עיקר פאַר ערנסטער—האָט זי זיך שטאַרק געשראָקן.

מיר ווייסן אַלע די גייסטיקע סביבה, אין וועלכער פּרצן איז אויסגעקומען צו מאַכן זיינע קינסטלערישע אָנשטרענגונגען. ביי אַרומיקער פּרעמדקייט און גלייכגילטיקייט, ביי קליינלעכע און אומאויפהערלעכע רדיפות און אינטריגעס, האָט פּרץ אין יענע יאָרן געשטיגן אַלץ ווייטער און ווייטער אין זיין סינטעטיש־שעפערישער וועלט. פון פאַרשיידענע זייטן האָט מען נישט אויפ־

געהערט מיט פרעכהייט און שפּאָט צו וואָרענען פּרצן און רופן אים צום פּשוטן און פאַרשטענדלעכן. גענוג צו דערמאָנען די שטענדיקע קליינלעכע אָנפאַלן פון דוד פרישמאַן און מרדכי ספּעקטאָר. צייטנווייז האָט דאָך פּרץ אויסגעזען, ווי אַ דאָן קיכאָט: איינער אַליין האָט ער געדרייט די שעפערישע ווינט-מילן, אָן דעם געהעריקן אַרומיקן מיטשאַפן. אונזער קריטיק, זאָל עס געזאָגט ווערן, האָט ווייניק מיטגעהאָלפן די גייסטרייכע טאַלענטן דורכצושלאָגן זיך אַ וועג צווישן דעם אַלגעמיינעם שטילשטאַנד און גלייכגילטיקייט, צווישן דער אַלגעמיינער דורכשניטלעכקייט, און נאָר פּרץ, דער שטענדיקער פלאַקער, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל ברויזענדיקע אינטויִציע און שאַפונג-קראַפט, האָט געקאָנט אין דער שטיקנדיקער סביבה שאַפן און שטייגן, און שאַפן און מיט אַ באַזונדערער ליידנשאַפט אַלץ געזוכט נייע, יונגע, וואָס זאָלן באַנייען, אָפּפרישן די גייסטיקע אַטמאָספער. און, כּידוע, איז ער נישט איינמאָל געשטרויכלט געוואָרן: פון גרויסבענקשאפט נאָך נייע מיטגייער און מיטפילער, האָט ער נישט איינמאָל אַרויפגעלעגט זיינע הענט אויף ספק-טאַלענטן.

און א. ווייטער האָט דאָך צייט-לאַנג אַ פרעמדער און איינזאַמער אַרומגעוואָגלט צווישן דער צופילווירקלעכער ווירקלעכקייט און נישט געפונען פאַר זיך קיין פאַסנדיקן אָרט אין אונזער קולטור-ליטעראַרישער וועלט. זיין ערשטער צאַרטער פאַרטאָגיקער טרוים פון זיין „פאַרטאָג“ האָט באַגעגנט אַ קאַלטע און ביז גאָר טרוקענע אָפּשאַצונג. דערנאָך, נאָך אַ לענגערער הפסקה, קומט ער מיט זיין „אין פייער“. ער בלאָנקעט ווידער אַרום אינם הלל פון אונזער פאַראיינפאַכטער ווירקלעכקייט און מיר באַקומען פון אים אָפּגערוסענע גרוסן דורך זיין „שטומען“. די איינזאַמקייט פון אָט דער קלוגער און זויבערער פערזענלעכקייט, וואָס האָט שטענדיק געגאַרט און געזוכט דאָס פאָלקאָמע, אָרגאַניש געזונטע, פאַרגאַנצטע קינסטלערישע סביבה, איז דען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נישט-דערוואַקסנקייט פון אונזער גייסטיק לעבן אין יענער צייט?

דאָס זעלבע האָט אויך געטראָפן מיט דעם נ ט ת ר ת״י

ז״ן ערשטעד ליטעראַרישער אַרויסטרעטונג האָט ער זיך באַוויזן מיט נייע טענער, נייע פאָרמען און נייעם סטיל. ער האָט געבראַכט שיינע, ציכטיקע און מערקווירדיק-אָריגינעלע זאַכן. די מעשיות אָבער קומען אויס ביים באַגרענעצטן לעזער פרעמדע, אָנגעשמעקט פון רוסיש-פוילישע דעקאַדענטן (זע אַנ-סקיס אַרטיקל אין „שטימע״), און נסתר ווערט פאַרטריבן פון אונזער ליטעראַרישן היכל ערגעץ אין א העק, נעמט דעם מלמדישן טייטל אין האַנט, און זעלטן-זעלטן באַווייזט ער זיך פון זיין ווינקל. קומט ער מיט זיין צערט-לעכן „פ ר י ל י נ ג״, און די, וועלכע האַ.טן שוין ביים האַרבסט, באַמערקן עס נישט. ברענגט ער זיין צאַפּלדיקן „ג ע ז אַ נ ג א ו ן ג ע ב ע ט״ און זיין „ה ע כ ע ר פ ו ן ד ע ר ע ר ד״, און די מיטלמעסיקייט גלאָצט מיט די אויגן. די „ז י ב ן פ אַ ס ט ו כ ע ר״ און אַ „מ ע ש ה״ רייצן שוין גאָר אויף און עס ווערט באַשטימט — „לא יבא בקהל!״

נישט קיין בעסערע באַציונג האָט געהאַט פ ר ץ ה י ר ש-ב י י ן מיט זיינע דראַמען און מיט זיין יונגן טעאַטער. ערגעץ ווייט פון דער קאָכעדיקער וואַרשע און ווילנע האָט ער אָנגע-הויבן מיט זיין יונגער, זוכנדיקער טרופּע, און ערגעץ, אין אַ פאַרוואָרפן יידיש שטעטל אין דער ליטע, איז „פרחה נשמתה״ פון דער טרופּע.

און אַזוי האָט זיך געצויגן הארט ביז א פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה. אָפּהענטיקייט, פאַרצווייפלונג, געזעלשאַפטלעכע אפּאַטיע און קולטור-קינסטלערישע אָפּגעשטאַנענקייט.

III



וין אין די פּאָר יאָר פון פאַר דער וועלט-מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיפער איבערבראָך אין אונ-זער גייסטיק לעבן. צוזאַמען מיטן אויפוואַכן פונם פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך ביי די יידי-שע פאָלקס-מאַסן און דער יידישער אינטעליגענץ דער וועקט אַ טיפער אינטערעס צו אונזער שאַפן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער צופלוס פון נייע אינטעלעקטועלע כחות, וועלכע האָבן

ארייננעבאַכט מיט זיך אַ רייכן קולטור־פאַרמעגן. די ניי־געקומע־
נע אינטעליגענץ, דערצויגן אויף דער אייראָפּעאישער קולטור און
קונסט, הויבט אָן אָרגאַניש ארייננצוואַקסן אינם קערפּער פון יידי־
שער שאַפונג און טראָגט אַריין איר שעפערישן אומרו און דער־
הויבט די יידישע ליטעראַטור. עס קומען צו אויף פאַרשיידענע
געביטן פאַכלייט און עס הויבט זיך אָן די דיפערענצירונג און די
צעגלידערונג פון קולטור־ און קינסטלערישע שאַפונגס־כחות. עס
שאַפט זיך די מעגלעכקייט פאַר ווייטערדיקן וואוקס און סיסטע־
מאַטישער נאַטירלעכער אנטוויקלונג פון יעדן אַרט קונסט. און
אומעטום, אויף אַלע געביטן פון יידישער קולטור רודערט זיך:
אין שול, ליטעראַטור, מוזיק, מאלעריי און טעאַטער.

עס ווערט אויסגעוואָרצלט דער רחמנות און נעבעך געפיל
צו יידישער קונסט. די יידישע שאַפונג הערט אויף צו זיין אַ
פּראָדוקט פונם אינטעליגענט צוליבן „אָרעמען" פאָלק. זי רייסט
זיך אַריין אינם אינטימען לעבן פונם אינטעליגענט, הויבט אָן
באַפרידיקן און אויפרעגן אים זעלבסט. דער קינסטלער לאָזט זיך
נישט אַראָפּ צו דער יידישער ליטעראַטור, פּאַסט זיך נישט צו
צו די איינפאַכע, פּרימיטיווע פאָרמען. נאָר פאַרקערט — דער־
הויבט זי און דערהויבט זיך צוזאַמען. עס ווערט פאַרטיפט דער
שעפערישער געדאַנקען־גאַנג, און צוזאַמען מיטן פאַרנעם פון דער
יידישער גייסטיקער וועלט וואַקסן אויך פאַנאַנדער די עטיש־עסטעטי־
שע אימפּולסן און באַגריפן. עס קומט די שטאַרקע אומצופרידנהייט און
נישט באַפרידיקייט מיט די באַגרענעצטע, פּאַראייינפאַכטע אינ־
האַלט און פאָרם, צו וועלכע די פריערדיקע שרייבער האָבן גע־
שטרעבט און צוגעפּאַסט זיך. צוזאַמען דערמיט קומט די טיפע
און ערנסטע אָפּשאַצונג, און דאָס פריערדיקע פאַרהייליקן פון
יעדן קונסט־ווערק ווערט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעוואָרפן.

דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַלע געביטן פון יידישער שא־
פונג. דאָס „איבערשאַצן פון די ווערטן" איז דורכגעפירט געוואָרן
ענערגיש, מיט שטאַרקן אימפּעט און מיט גענוגע דרייסטקייט אין
מאלעריי, אין מוזיק און דער עיקר אין ליטעראַטור. פיל פון די
גרויסע, אַנערקענטע קינסטלער זענען דורך דער איצטיקער קרי־

טיק און דערהויפּט דורך דער קריטיק פונם מאָדערנעם יידישן אינטעליגענט אַראָפּגעצויגן געוואָרן פון זייער פריערדיקער הויך, און אַזוי־ארום צוגעגרייט דעם אָרט פאַר נייע יונגע קינסטלער. דאָס פרימיטיווע און איינפאַכע, דאָס סענטימעטאַל־יידישלעכע, דאָס אויסערלעכע און סטיליזירטע סטיללאָזע איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַקעמפט געוואָרן דורך דער ערנסטער קונסט־באַציונג.

דער ליטעראַטור און קונסט זענען געשטעלט געוואָרן גרויסע פאָדערונגען: זיי מוזן איינגעפלאָכטן ווערן אינם יידישן גייסטיקן לעבנס־געוועב און מוזן אויסדריקן דעם גאַנצן סכום איבערלעבענישן, פּראָבלעמען און ווייטאָגן פונם מאָדערנעם ייד, וואָס לעבט מיט גאָר דער וועלט, וואָס טראָגט אין זיך אוניווערסאַלע פּראָבלעמען און אוניווערסאַלע באַגריפן און איז טיף־אינערלעך און אָרגאַניש אַ ייד און מענטש. דער קאָמפּליצירטער, אוניווערסאַלער געדאַנק און די וועלטלעכע היינטצייטיקע אימפּולסן פאָדערן אַנטוויקלטע פאָרמען און מאָדערנע אויפפאַסונג פון מאָדערנעם אייראָפּעישן מאַסשטאַב, — אַנדערש פאַרהאַלט עס דעם געדאַנק און געפיל פונם נייעם מענטש. און וויבאַלד עס ווערט טיף־אינערלעך און אָרגאַניש אויסגעטראָגן, און וויבאַלד מען איז איינגעפלאָכטן אינם אַרומיקןווירקלעכן לעבנס־שטייגער, מוז די פאָרם זיין אַ יידישע, אַריינגעוואַקסן און פאַרוואַקסן מיט יידיש בלוט און מאַרך און ממילא איז די אַנטפלעקונג דורכאויס אַ יידישע און איז אָנגעזאַפּט מיט יידישן סטיל און קאָלאָריט.

יידישער סטיל און קאָלאָריט, אָבער נישט יידישלעכער. דער פאָלקס־פרימיטיוו, די פאָלקסטימלעכקייט קאָן שוין בשום אופן נישט זיין דער אָנהייב און סוף פון שאַפן. די פאָלקסטימלעכקייט, ווי אַ ציל און צוועק פאַר זיך, איז שוין אַ דורכגעגאַנגענע שטופע. דער פאָלקסטימלעכער פרימיטיוו מוז אָרגאַניש אַריינגיין אינם יסוד פונם סטיל, פאָרם און טאָן פון דעם מאָדערנעם אינדיווידועל־קינסטלערישן שאפן. די פשוטע און איינפאַכע זאַמל־אַרבעט פון פאָלק־מעשה, פאָלקס־ליד טרעט אָפּ דאָס אָרט דער סטיליזירטער באַאַרבעטונג, דער אינדיווידואַליזירטער שאַפונג, דער נייער אינטעלעקטועלער אויפפאַסונג פון אַלטן נוסח־פרימיטיוו.

דער פּראָצעס פון דעם ערנסטן פּאַרטיפן זיך אין דעם יידישן קולטור-שאַפן ברענגט מיט זיך נאָך עפּעס: ער דערוויי־טערט פון אונזער שאַפן דעם אָפּגעפּרעמדטן, זאַטן, האַלב־אַסימי־לירטן בעל־הבית, וואָס קומט צו יידישער ליטעראַטור און קונסט פון בענקשאַפט נאָך עכט־יידישלעכע מטעמים: אַרויסלייענען ביי שלום־עליכמען דעם יידישן אַנעקדאָט, געפינען אין דעם יידישן בילד דעם יידישלעכן „זכר לחורבן", דעם יידישן לבוש, און אין דעם יידישן טעאַטער אָנצוקוועלן פון דעם יידישן זמרל און טענצל. די מאָדערנע יידישע שאַפונג באַפרידיקט נישט די לעכצעניש פונם בעל־הבית נאָך יידישקייט, ער דערווייטערט זיך פון איר. עס איז אַ מעלה פאַר דער קונסט, זי האָט זיך באַפרייט פון דעם צעפוילטן נישטיקן עלעמענט.

אונזער קולטור פעריפעריע קריסטאַליזירט זיך וואָס וויטער אַלץ מער אויס. מיר פאַרמאָגן שוין אַ באַדייטנדיקע צאָל אַנטוויקלטע, באַוואוסטזיניקע לעזער און צושויער, וואָס טראָגן אַריין אין יידישן שאַפן אַ שיין פאַרמעגן פון קינסטלערישן געשמאַק און אינטעלעק־טועלע באַגריפן. אַ דאַנק דעם אַלץ שטייגנדיקן אינטערעס פון די־פאַרשטייער פון פאַרשיידענע קונסט־געביטן, ווערט אַלץ מער דער־נענטערט איין אַרט קונסט צו דעם צווייטן און עס שאַפט זיך אַזוי־אַרום דאָס געמיינזאַמע, בשותפותדיקע שעפערישע לעבן: אין דער נייער מוזיק און מאָלעריי ציען זיך פעדעם פון דער לי־טעראַטור, עס וועבט זיך אַזוי אויס איין געוועב, איין אַלגעמיין סינטעטיש קונסט ווערק. זיי נעמען שוין נישט פון דעם רויען פאָלקסטימלעכן שטאָף, זיי געניסן שוין פון דער איבערגעדיכטע־טער, סטיליזירטער און אינדיווידואַליזירטער פאָלקס־מעשה ביי פּרצן. דער סטיל און קאָלאָריט איז שוין נישט דער רוי־גרויער פּרימיטיוו, נאָר באַשטראַלט פון דער היינטוועלטיקער דיכטערישער שאַפונג. און פאַרקערט, אין דער נייער דיכטונג הויבן מיר אָן צו שפּירן פאַרבן און שטימונגען פון פאַרשיידענע געביטן פון דער יידישער מאָדערנער קונסט.

וויפיל געמיינזאַמקייט אין סטיל, אין אויפפאַסונג, אינם סינטעז איז פאַראַן אין די מוזיקאַלע ווערק פון מ. מילנער, אין די קונסט־

צייכנונגען פון מאַרק שאגאל מיט די פאָלקסטימלעכע געשיכטען פון פרץ און מעשהלעך אין פערזן פון דעם נסתר? און האַלט שוין דען נישט דאָס שטעטל, וואָס ווערט איצט געגעבן דורך די יונגע מאלער, שוין ווייט-ווייט פון דעם פאַטריאַרכאַלן מענדעלישן און שלום-עליכמישן שטעטל און אַפילו אידיליש-ראָמאַנטישן שטעטל פון שלום אַש? ליגט דען נישט אויף דעם נייעם שטעטל פון דער מאָדערנער יידישער קונסט דער טרויעריקער קהלת-מאָטיוו, די האַרבסט-שטימונג פון דוד בערגעלסאָנס „אָפּגאַנג"? און דער בית-המדרש, וואָס ווערט געשילדערט דורך די יונגע קינסטלער, ווי י. ב. ריבאַק און אַנדערע. איז דען אין אים געבליבן עפּעס וואָס פון דאָס סענטימענטאַל-בענקענדיקע, וואָס ביי דוד איינהאָרן? פאַרהאַקט איז פאַר זיי דער בית-המדרש און אַ פאַרשלאָסענער, ווי פאַרהאַקט ער איז און אינגאַנצן פאַרשלאָסן פאַר די מאָדערנע יונגע דיכטער און שרייבער, און שטיין איז דער בית-המדרש פאַר זיי געבליבן, ווי אַ פאַרגליווערטע מצבה פון „אַמאָל איז געווען".

די נייע יידישע מאָלער און מוזיקער צוזאַמען מיט דער יידישער דיכטונג האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אויסערלעכן יידישלעכן לבוש און זוכן צו אַנטפּלעקן דאָס מענטשלעכע אין ייד, דאָס אוניווערסאַלע אין דער יידישער נשמה. און נאָכמער: פאַר זיי עקזיסטירט לחלוטין נישט די צעטיילונג פון מענטש און ייד. עס איז איצט געשאַפן געוואָרן דער אָרגאַנישער סינטעז פון דאָס יידיש-מענטשלעכע אין לעבן און אין קונסט.

די מאלער און די מוזיקער, ווי די יידישע דיכטער, האָבן זיך באַפרייט פון די ערשטע אוממיטלבאַרע „לירישע" איינדרוקן פון וועלט און נאַטור, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פריערדיקער ליטעראַרישער קינסטלערישער תקופה, און זיי שטרעבן אַרויסצוגעפינען דאָס פאַרוויקלטע, אינטעלעקטועלע, טיף-פערזענלעכע, וואָס לעבט און ראַנגלט זיך אין דער אויפגערעגטער ליידנפולער נשמה פון דעם הייגטוועלטיקן מענטש אין זיין קאַמף מיט זיין געוויסן און דעם געוויסן פון גאָר דער וועלט. די אַנטפּלעקונג פון דעם אינערלעכן געראַנגל באַווייזט ער אין

זיינע אויפגערעגטע, אויפגערייצטע ליניען און פאַרבן, הילכיקע און אָפטמאָל שרייענדיקע טענער און מאָטיוון, צו וועלכע עס רייסט זיך די מאָדערנע שאַפונג אין אַלע אירע פאָרמען.

אין דער דאָזיקער שעפערישער אָנשטריינגונג און אומאויפהערלעכן קולטור־וואַקסן נעמט אויך אַן אָנטייל דער לעזער, וואָס איז אַן אַקטיווער מיטשאַפער און מיטבויער. דער לעזער האַלט אין מ י ט פון פאַרטיפטע וועלט־חשבונות, אין מ י ט פון אינערלעכע קאָמפליצירטע געפילן און שטימונגען, און אין ליטעראַטור זוכט ער שוין נישט דעם רעאַלן, אויסערלעכן אויבערפלאַך דאָס נאַטוראַליסטיש־עטנאָגראַפישע פון פריערדיקן אָדער איצטיקן לעבנסשטייגער און גלאַט עפּיזאָדן פון דער נישטיקער ווירקלעכקייט אינטערעסירן אים נישט. אויך דאָס מאַסע־לעבן האָט אָנגעוואוירן דעם פריערדיקן כאַראַקטער, וואו פאַסיוויטעט, בלינדקייט, אָפגעלאָזנקייט איז געווען דער גרונט־שטריך און גרונט־טאָן, די מאַסן, ווי דער יחיד, זיינען איצט ארויסגערוקט פון זייער גלייכגעוויכט. אַלץ איז ביזן יסוד צעטרייסלט. עס קומט פאָר אַ ביטערער און שוידערלעכער קאַמף פון אַלט און ניי, פון געזעצטעס און צאַפלדיקעס, און טויזנט־יאָריקע הייליקטימער זיינען פאַרשוועכט געוואָרן. דער יחיד און כלל לעכצן נאָך רו און רייסן זיך דאָך שטיקער פון אייגענעם לייב און קראַצן מיט פאַרביסנקייט אייגענע וואונדן. און קליין איז דער יחיד און נישטיק לגבי דעם וועלט־צער פון מיליאָנען, און דאָך איז ער דער צענטר און מיטלפונקט פון גאָר דער וועלט. שעלט ער און לעסטערט און ליגט אַ מאַכטלאָזער ביי דעם וועלט־געראַנגל און פאַרלירט די זיכערקייט און גלויבן. אין אָט דעם פסיכיש־פסיכאָלאָגישן צושטאַנד פון יחיד און רבים קאָנען די סענטימענטאַל־אידילישע מאָטיוון נישט באַפרידיקן דעם איצטיקן מענטש. ער נישטערט און זוכט דאָס שטאַרקע וואָרט, דעם אויפגערעגטן הילכיקן אויסגעשריי, וואָס זאָל אויסדריקן דעם אינערלעכן שטורם, וואָס פילט־אָן וועלט און מענטש.

אין דעם פרט זיינען מיר איצט שוין אַזוי ווייט און עס איז אונז אַזוי פרעמד דער פריערדיקער הויפט־עלעמענט פון דער יידישער ליטעראַטור. פ ר י ע ר האָט די קליינע נאָוועלע,—ווי בעל-

מחשבות שרייבט,—ווי סימבאָליזירט די אָפּגעריסנקייט פון אונזערע איבערלעבונגען, וואָס זיינען נישט צונויפגעבונדן מיט די ברייטע פּערספּעקטיוון פון צייט און רוים אין סאָציאַלן זין". איצט רייסט זיך דער שרייבער צום ווייטן רוים, ער שליידערט וועלטן, נעמט אַרום אומענדלעכקייטן. זיין דיכטונג-וועלט פאָדערט דווקא דעם ברייטן שטח, דעם ראָמאַן. דער ראָמאַן און נישט די נאָוועלע פאַרנעמט און וועט פאַרנעמען דעם אויבן אָן אין אונזער ליטעראַטור.

נאָך אין די פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה האָט אָנגעהויבן זיך ווייזן ביי אונז דער ראָמאַן, וואָס וואַקסט שוין אינגאַנצן אויסערן שטעטל, אויסער די פּאַטריאַרכאַליש-יידישלעכע פאָרמען. אָנשטאָט די טראַדיציאָנעל סימבאָליש-אַבסטראַקטע קבצנסק, כתרילעווקע, זיינען אין די ווערק פון ד. בערגעלסאָן, י. אָפּאַטאָשו, א. ראַבאָי, א. ראובני, און שפּעטער—ע. וואַרשאַווסקי, און אויך אין די נייע ווערק פון שלום אַש אַרויסגעטראָטן לעבעדיקע שטעט און טייכן, וואָס זיינען צוערשט „איינגעבירגערט" געוואָרן אין דער ליטעראַטור; עס קומט אַרויס דאָרט אַ ברייט-פאַרצווייגט משפחה-לעבן, מיט מער אָדער ווייניקער מאָדערנעם לעבנס-שטייגער, אין וועלכן עס נעמען אַקטיוון אָנטייל נייע געזעלשאַפטלעכע גרופּעס מיט מאָדערנע וועלטלעכע פאַרהעלטענישן. דאָס לעבן אין די ווערק איז שוין צוגעבונדן צו אַ אַרומיקער רעאַלער שאַפנדיקער סאָציאַלער סביבה און שטעקט שוין נישט ערגעץ אין שול-הויף פון קליין-שטעטל.

דער שרייבער ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַ פּאָזיטיווער, פּראָדוקטיווער כח, וואָס ווירקט און שאַפט אין לעבן, און די ליטעראַטור פאַרמאָגט שוין אין זיך פיל זאַפט און קראַפט, זי האָט זיך להלוטין באַפרייט פון דעם „איינזאַמקייט-געפיל", מיט וועלכן ס'איז געווען דורכגעדרונגען די פריערדיקע ליטעראַרישע תקופה. די אַלגעמיינע גייסטיקע אַטמאָספער, די מונטערע און קעמפנדיקע שטימונגען און מאָטיוון, די קינסטלערישע אויפפאַסונג פון איין זייט, און דער געזונטער געזעלשאַפטלעכער אונטער-גרונט, דער שעפערישער צאַפּל פון דער צווייטער זייט,—וואָס ס'זענען איצט די הויפט-עלעמענטן פון די נייע קונסט-ווערק,—שיידן

איינגאַנצן אָפּ די איצטיקע ליטעראַטור פֿון דער פֿריערדיקער, מיט איר אומבאַהאָלפֿנקייט און איינזאַמקייט. אויך דער איצטיקער שרייבער איז שוין גאַנץ ווייט פֿון דער טרויעריקער כאַראַקטעריסטיק, וואָס בעל־מחשבות גיט דעם פֿריערדיקן שרייבער, אַז ער האָט „מיט קיין שום סאָציאַלע סביבה זיך נישט געקאָנט צונויפֿגיסן".

אונזער ראָמאַן רייסט זיך איצט אויף ברייטע וועגן. ער מוז און דאַרף אָפּשפּיגלען די אויפֿגערודערטע ווירקלעכקייט מיט ליכט און שאָטן, פּראָבלעמען און ווידערשפּרוכן, פֿריידן און ליידן, וואָס גאָר דאָס לעבן איז אָנגעזאַפּט מיט זיי. נישט גרינג איז איצט דער פּראָזע געפֿינען נייע פֿאָרם און ליניען. אין אוקראַינע און אין רוסלאַנד, למשל, צווישן דעם אַלגעמיינעם חורבן און כאַאָס האָט דער פּראָזאַיקער פֿאַרלוירן זיין קינסטלערישן גלייכגעוויכט. דער קינסטלער, דער דערציילער איז לויט זיין טבע א „קאָנסערוואַטאָר". מיט טויזנטער פֿעדעם איז ער פֿאַרוועבט אין דעם גאַנצן האַרמאָנישן און אָפּגעקילטן לעבן, זיין אויג רוט אויף דעם אָפּגעשטעלטן און מער פֿאַרגליווערטן לעבנס־נוסח. און ווען דאָס לעבן ווערט מיטן שורש אויסגעוואָרצלט, ווען טויזנטער און צענדליקער טויזנטער קומען־אום, קאָן ער דען קומען מיט די אויסגעחלומטע טרוימען און ליידן פֿון דעם איינציקן, ווי עס איז אויסגעוואַרעמט אין זיין קינסטלערישער שויס, קאָן ער דען ביי דעם אַלגעמיינעם געטומל, ווען אָנהייבן און סופֿן ווערן פֿאַרלוירן, קומען מיט זיין פֿאַרגאַנגענער, אָפּגעשטאָרבענער סביבה, וועלכע האַלט נאָך אין לעבן ביי אים אין האַרצן, אין דער צייט, ווען אַרום און אַלעמען איז עס שוין אַזוי פֿרעמד, אַזוי ווייט. די פּראָזע איז צייטווייליק אַנטשוויגן געוואָרן, זי פֿאַרטיפֿט זיך אין זיך, און זוכט די אַנטפּלעקונגס־פֿאָרמען. די פּראָזע שטייט איצט אויפֿן שייד־וועג צו עפּעס וואָס נייעס, מאָדערנעס, און סימנים פֿון דעם נייעם הייבט זיך אָן צו באַווייזן. מ'טרעט־אָפּ פֿון דער קליינער נאָוועלע, פֿון די איינצעלנע עפּיזאָדלעך און נישטיקע ווירקלעכקייטס־פּאַסירונגען און מען פֿאַרמעסט זיך אויף ברייטן און פֿאַרטיפֿטן אינהאַלט. י. אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער", שלום אַשס „קדוש השם", „די כשוף־מאַכערן פֿון קאַסטיליע", דוד בערגעלסאָנס נייע ג־עסע־

רע דערציילונגען, ה. לייוויקס „גולם", ע. וואַרשאַווסקי „שמוגלאַרס" די נאָוועלן פון ב. גלאַזמאַן און י. י. זינגער—דאָס זיינען אַלץ באַדייטנדיקע סימנים, אַז אונזער פּראָזע שלאָגט זיך דורך אַ נייעם וועג און זוכט נייע פאָרמען. ס'פילט זיך דער דראַנג צעאַקערן די שוואַרץ-ערד פון דעם ברייטן מאַסן-לעבן אין עבר און אין געגנוואַרט און אַרויסציען פון די טיפעניש פונם פאָלקס-לעבן באַהאַלטענע אוצרות פון מענטשן, געשעענישן, באַציונגען צו גאָט און צו אַרומיקע. קורץ, די פּראָזע וואַקסט-אַרויס פון אירע פריערדיקע איינגע ראַמען און וויל אויפדעקן די טיפע פּראָבלעמען דוקא פון דער רעאַלער סביבה פונם איצטיקן און פאַרגאַנגענעם לעבן. און, לחלוטין אין סתירה מיט בעל-מחשבותעס הנחה, געפינט זי אין לעבן אָן אַ שיעור „איידעלן מאַטעריאַל", „אָן אַ שיעור געשטאַלטן", אויף וועלכע עס קאָן „אַרומשוועבן דער פּאָעטישער געדאַנק, אָדער דאָס הויכע געפיל".

באַדייטנדיקער און טיפער זיינען די דערגרייכונגען, וואָס ס'האָט געמאַכט אונזער פּ אָ ע ז י ע פאַר דער לעצטער צייט.

ביז גאָר די לעצטע יאָרן איז אונזער פּאָעזיע געווען גאָר אָפּגעשטאַנען. עס איז נאָך נישט געווען קיין אייגענער דיכטערישער נוסח, ווי ס'האָט שוין אים פאַרמאָגט אונזער פּראָזע. אונזער פּאָעזיע האָט טריי און איבערגעגעבן געדינט פריער דעם נאַציאָנאַלן און שפּעטער דעם סאָציאַלן געדאַנק. עס זיינען אַנטשטאַנען לידער אויף נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע טעמעס דורך ש. פרוג און ח. נ. ביאַליק, לידער מיט ס אָ צ י אַ ל ע מאָטיוון דורך מ. ראָזענפעלד, י. י. באָוושאָווער און א. רייזען, און ענדלעך מיט ס ע נ ט י מ ע נ ט אַ ל - ר אָ מ אַ נ ט י ש ע שטימונגען דורך יהואש, י. אַדלער, ז. סעגאַלאָוויטש און ד. איינהאָרן. די ביז איצטיקע דיכטונג האָט ווי צום ערשטן מאָל געעפנט די אויגן און דערזעען וועלט, נאַטור, לעבן און ליבע. ס'זיינען איר געקומען אויפן זינען און אין געפיל די ערשטע אוממיטלבאַרע, פאַראַלגעמיינע התפעלות און איינדרוקן. די איינדרוקן פון נאַטור, לעבן און ליבע זיינען געווען ווי פון אַ צווייטער וועלט, מחוץ פון דער אייגענער, אינערלעכער. אין טיף פון אייגענעם וועזן האָט געהערשט אומעט, פאַרצווייפלונג,

קריינקלעכקייט און אומבאַהאָלפנקייט, און די אויסערלעכע איינ־דרוקן האָבן געמונטערט, אָפּגעפרישט און דערוועקט פאַרגעטערונגס־געפילן צום אויסערלעכן. דער דיכטער האָט זיך געריסן פון זיך, זיך געוואָלט באַפרייען פון אייגענער אָרעמקייט, איז דערום קיין אָרט נישט געווען פאַר אינדיווידועלן פאַרטיפן זיך. זעלטן ווען עמיצער פון די פריערדיקע דיכטער האָט זיך דערהויבן צו אַן אמת דיכטערישער הויך און געשאַפן אַ פאַרגאַנצטע דיכטונג־וועלט. נישט אויף דעם וועג איז געגאַנגען די יידישע דיכטונג. ס׳האָט געפעלט די טיף־סוביעקטיווע ליריק, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון אי־נערלעכע, פסיכיש־פסיכאָלאָגישע פאַרטיפטע איבערלעבונגען און שטימונגען און וואָס פאָדערט נייע קינסטלערישע פאָרמען, כדי אויסצולאָדן די אינטואיטיווע שפע, דעם איבערפולטן אוצר פונם דיכטער.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז צוגעקומען אַ שיין בינטל יונגע דיכטער: י. י. שוואַרץ, מאַני לייב, זישא לאַנדוי, מ. ל. האַלפּערן, ה. לייוויק, ר. אייזלאַנד, א. לעיעלעס און אַנדערע — אין אַמעריקע; דער נסתר, ד. האפשטיין, פרץ מאַרקיש, ל. קוויט־קאָ, א. שוואַרצמאַן, א. קושנעראָוו—אין אוקראַינע; מלך ראַוויטש, א. צ. גרינבערג, ב. הראָוויץ, ד. קעניגסבערג—אין גאַליציע; מ. קולבאַק, מ. בראָדערזאָן, ישראל שטערן און אַ גאַנצע ריי פון יונגע אין פוילן און ליטע,—זיי אַלע טראָגן אין זיך גאָר אַן אַנדער געמיט. לחלוטין זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פריערדיקן שאַבלאָן פון רעאַגירן און פיקסירן די אויסערלעכע ערשיינונגען, זיינען זיי פאַרטון אין פאַרטיפטע פּראָבלעמען פון מענטש און וועלט. פול און אָנגעלאַדן איז דער דיכטער, פול מיט שפע און חיות, און די אויסערלעכע איינדרוקן באַגעגענען זיך מיט זייער אינערלעכער וועלט, וואָס איז אויך אַזוי רייך און אָפט רייכער פון די לעבנס־געשעע־נישן. און אָט דער געמיש פון אייגנס און זייטיקס, רופט־אַרויס אָן אַ שיעור קאָנצעפּציעס פון געדאַנק און פסיכיק, און עס שאַפט זיך אַ צווייטע וועלט, אַ ביי־וועלט,—די דיכטונג־וועלט. עס האָט זיך אַמאָל געדוכט, אַז דער נייער דיכטער איז אַפּאָלי־טיש, אַנטיגעזעלשאַפטלעך, לעבט נישט מיט די אַקטועלע לעבנס

פראַגן. אָבער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק. דער דיכטער
און איבערהויפּט דער אַמעריקאַנער האָט גובר־געווען די לעבּנס־פּראָבּ־
לעמען, ער האָט זיי פאַרשטיקט אין זיך; זיי בּרענען אין אים,
צינדן אים אָן און בּרענען־אויס דאָרט וואונדן. און נישט פון דער
זייט בּעמט ער אויף די לעבּנס־געשעענישן, נאָר ער איז דורך און
דורך מיט זיי אַדורכגעדרונגען. דאָס לעבּן איז דער פאָן, אויף וועלכן
עס וואַקסט, בּרויזט און שטראָמט זיין פּערזענלעכקייט. נישט „כּעני
בּפתח" פון די וועלט געשעענישן, נאָר ווי אַ בּן־בּית, מיט שטאָלץ
און פּרעטענזיעס, מיט זיכערקייט און פעסטקייט אין אייגענע כּחות,
אין אייגענעם ווען. און אָנשטאָט דער פריערדיקער אַבּסטראַקט־
לירישער פּאָעזיע, איז געקומען אַ פּסיכיש־פּסיכאָלאָגישע. נישט
קיין אָבּיעקטיווע בּילדער, נישט קיין סענטימענטאַלע איינדרוקן,
נאָר אינדיווידואַליזירטע איבּערלעבּונגען מיט מ ע נ ט ש ל ע כ ע
עמאָציעס, וואָס שטאַמען פון די פּראָבּלעמען און ווי־געשרייען פון
גאָר דער צייט, און ווי זיי ווערן איבּערגעבּראָכן אין דער נשמה
פון דיכטער. דער יידישער דיכטער קומט מיט זיין אויסגעפּייניקט
וואָרט, שעלט, לעסטערט, מאָנט און רופט, אַנטציקט און בּאַגייס־
טערט. זיכער קלינגט זיין שטים אינם חלל פון אונזער ווירקלעכ־
קייט, ער צידנט־אָן הערצער און פלאַקערט־אויף געמיטן.

בּאַזונדערס אינטערעסאַנט זיינען אין דעם זין די א ו ק ־
ר אַ י נ י ש ע יידישע דיכטער. די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלו־
ציע, די אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, דאָס אומאויפהערלעכע
שטייגן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבּן אין די ערשטע יאָרן פון
דער רעוואָלוציע האָבּן אויפגעפלאקערט זייערע הערצער און צו־
געגעבּן זיי גבורה און אימפּעט, פּאַטאָס און עקסטאַז. דער דיכטער
האָט זיך געלאָזט אינם אַלגעמיינעם געווירבּל פון געשעענישן און
פּאַסירונגען און איז געוואָרן דער הילכיקער אָפּקלאַנג, דער רא־
שיקער אָפּהילך. די יידישע דיכטונג אין אוקראַינע איז דערגאַנגען
צו אַזעלכע קרעפטיקע און מונטערע טענער, צו אַזעלכע שטייפע
און בּרויזנדיקע מאָטיוון, וואָס זיינען בּיזהער לחלוטין פרעמד גע־
ווען דער יידישער דיכטונג בּפרט און ליטעראַטור בּכלל. דרייסט
און שטאָלץ וואַרפט דער דיכטער אַריין זיין קרעפטיקע שטים אינם

אַלגעמיינעם לעבנס-געטומל. די לידער פאַרמאָגן אָן אַ שיעור יום-טוב און פרייד. און האָט מען געקאָנט קומען מיט דער אַלטער ירושה-פּאָעזיע, וואָס איז פאַרוויגט מיט „שטילע געזאַנגען" און פאַרוויקלט אין יידישלעכער תּכליתדיקער „בּלויקייט"? שטאָף אויף אויפרייצן, אויף אויפרייסן, אויף דונער און בּליצן איז געווען אָן אַ שיעור, און דער יידישער דיכטער איז פאַרכלינעט געוואָרן אין דעם „שטורם און דראַנג" פון דער אויפגערעגטערווירקלעכקייט. די לידער-זאַמלונגען: ל. קוויטקאס „טריט", ד. האפשטיינס „ביי וועגן" און פרץ מאַרקישעס „שוועלן", וואָס זיינען דערשינען אין קיעוו אין 1918—1919 — כאַראַקטעריזירן מיט זיך אַמבעסטן דעם יונגן שעפערישן, בּרויזנדיקן אימפּעט און די אימפּולסיווע אינטואיציע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטראָמען אין פאַרלויף פון די ערשטע פּאָר יאָר פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע.

דער וואוקס פון שעפערישן יידישן געדאַנק האָט אין די לעצטע יאָרן אויך געבראַכט אַן ערנסטע ענדערונג אין דער בּאַציונג צו אונזערע קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ און שלום-עליכם. אין דעם, ווי עס שפּיגלען זיך אָפּ די קונסט-שטראַלן פון די קלאַסיקער-שעפער אויף דעם דור, ליגט גאַנץ אָפט דער שליסל צום פּרצוף און כאַראַקטער פונם צייט-גייסט. דער אינטערעס צו אַ שרייבער קאָן זיך פּלוצלונג אויפוועקן אָדער שטאַרקן, ווען אין לעבן גופא בּאַווייזן זיך נייע, אָפטמאָל קוים-בּאַמערקבּאַרע קרובהשע צובּונד-פעדעם. נישט איינמאָל איז פאָרגעקומען אַזאַ מין „פּלוצלונגדיקע" ענדערונג בּנוגע צו דעם אָדער יענעם שרייבער, און שטענדיק זענען פאַראַן ערנסטע סיבּות דערצו.

פאַר דעם איצטיקן לעזער, וואָס איז אָרגאַניש אַריינגעצויגן אינם קולטור-גייסטיקן שעפערישן מאָדערנעם לעבן, פאַרן לעזער, וואָס שטייט ראשו ורובו אין מיט פון מאָדערנעם שאַפן, איז מענדעלע מוכר-ספרים אַ פאַרהאַרטעוועטער פונדאַמענט, אַן אָרנאַמענטישער בּנין, אַ שטיק געשיכטע פון דער ליטעראַטור, אַ „מבוא" צו וועלטלעכער קונסט. אָט אַזוי פילט איצט דער לעזער, ווען ער בּלעטערט-אַדורך מענדעלען. „זייער עיקר בּאַטייט,—זאָגט מ. ליטוואַקאָוו,—בּאַשטייט אין דעם, וואָס זיי סינטעזירן אין פאַר-

ענדיקן אַ פּיל דורותדיקע יידישע קולטורעלע מסורה, וועלכע איז אַ דאַנק מענדעלע מוכר-ספרים געוואָרן דער אויסגאַנג-פּונקט פון אַ נייער אַנטוויקלונג" (אין „אומרו" ז. 87). אויך די אָפּשאַצונג פון שלום-עליכמס ווערק האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. די גרינגע, אויסער-עכע קאָמישע שטריכן הייבן-אָן צו פאַרשווינדן פונם אויג ביים ערנסטן לעזער און עס טרעטן בולטער אַרויס דאָס העויהדיקע לעבן פון דעם זאַפטיקן, קאָלאָריט-רייכן אוממיטלבאַרן קינסטלער-עושר, וואָס האָט פולע הויפנס אונז געגעבן פון דעם יידישן רירעוודיקן שטייגער. שלום-עליכם ווערט אַלץ מער איצט אַנטפּלעקט פאַר אונז, מיר געפינען אין אים אַלץ מער שפע פון פאַרבן און קאָלאָריט, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט געשאַפן. און פּרץ איז געוואָרן דער גייסטיקער קוואַל, פון וועלכן מען ציט חיות און באַגייסטערונג. פּרץ איז מחיב דעם יידישן מאָדערנעם מענטש. אין פּרצן געפינען דעם אָנלען אונזערע פאַרשיידענע דיכטער און קינסטלער אין זייער שעפערישער אָנשטרענגונג און זוכעניש. אין פּרצן זעט מען די ווייטע היסטאָרישע פּערספּעקטיוון, וועלכע ס'האָט געמוזט אַדורכמאכן יעדער איינציקער פון די נייע קינסטלער, און דורך פּרצן קייטלט זיך די פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט דורך דער געגנוואַרט. און מערקווירדיק, ווי פּרץ הערט נישט אויף צו באַפרוכפּערן דעם יידישן שעפערישן געדאַנק, און ווי דער שעפערישער געדאַנק הערט נישט אויף צו באַנייען פּרצן. פּרץ האַלט אין איין וואַקסן ביי דעם מאָדערנעם דיכטער.

פאַר די לעצטע יאָרן, צוזאַמען מיטן אינערלעכן און אָרגאַנישן וואוקס פון דער יידישער וועלטלעכער קולטור און קונסט, צוזאַמען מיטן באַשטימען דעם כאַראַקטער און תמצית פון יידישן שאַפן, ווערט אַלץ מער פאַרלוירן דאָס געמיינזאַמע צווישן העברעאישער און יידישער ליטעראַטור. די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי שטאַרק זיך געשפּייזט פון דער העברעאישער ליטעראַטור, געלעבט מיט אירע מאָטיוון און שטימונגען און איינגעזאַפּט איר סטיל און קאָלאָריט, האָט זיך די לעצטע צייט אינגאַנצן פון איר באַפרייט און לעבט שוין אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק. די העברעאישע ליטעראַטור ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער

אָן דעם רעאַלן צובונד צום לעבן. זי איז לויט איר תוך און יסוד אָפּגעשטאַנען, לעבט מיט פאַרצייטיקע שטימונגען און טרוימען און פאַרמאָגט נישט דעם עיקר-עלעמענט פון דער יידישער ליטעראַטור — דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג און פרייהייט-פּאַטאָס. די העברעאישע ליטעראַטור איז אינגאַנצן אַדורכגעדרונגען מיט דער ציוניזם-ראָמאַנטיק, מיטן אַלטן גלות-פאַרלייקענען און גלות-פאַרצווייפלונג. די יידישע איז פאַרוואָרצלט אינם רעאַלן לעבן, שפּריצט מיט חיות און גבורה און שפּייזט זיך מיט קאָנקרעטען, ממשותדיקן אינהאַלט. אין דער צייט, וואָס די יידישע דיכטונג לעבט אין דער גליענדיקער אַטמאָספער פון איצטיקער צייט, טראָגט אין זיך די ליכט און שאָטן, פרייד און לייד, פּאַטאָס און אַנגסט פון דעם נייעם דור, פאַרנעמט זיך די העברעאישע דיכטונג מיט שפּראַך-אויפטועכצן, האַלט אין איין איבערחזרן ביאַליקן און טשערניכאָווסקין. לעבט אַלץ אין די מליצהדיקע אַבסטראַקטע טרוימען-היכלות און רופט ניט און מאָנט ניט, שעלט ניט און בענטשט ניט.

נאָך טרויעריקער האַלט עס מיט דער העברעאישער בעלעטריסטיק: עס איז ווי כמעט נישטאָ קיין איצטיקע בעלעטריסטיק, און די עטלעכע, וועלכע שרייבן דערציילונגען, שטויסן זיך אויף איין אָרט, זיינען מעלה-גרה א. נ. גנעסינען נאָך מיט ווייניקער שטייפקייט און מיט ווייניקער אויפריכטיקייט. עס איז שוין דעריבער געקומען דערצו, אַז עס האָבן זיך שאַרף פאַנאַנדערגעטיילט די העברעאישע און יידישע ליטעראַטורן. נישטאָ די פריערדיקע אידיליע, ווען דער שרייבער האָט איינצייטיק געשריבן אי יידיש, אי העברעאיש: איצט, ווען דער גייסט פון דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור איז אַזוי פאַרשיידן, איז געוואָרן כמעט ווי אוממעגלעך צו דינען ביידע ליטעראַטורן צוזאַמען. דער טרויעריקער צושטאַנד פון דער אָפּגעשטאַנענער העברעישער ליטעראַטור טרייבט נישט ווילנדיק די אַנטוויקלטע און גייסטרייכע העברעאיסטיש- געשטימטע אינטעליגענץ צו דער יידישער שאַפונג, און דאָס באַרייכערט אַלץ מער די יידישע ליטעראַטור און פאַרגרעסערט איר אוידיטאָריע. אויף וויפל די העברעאישע ליטעראַטור איז פאַרטאַן אין אירע איבערלעך-פּוסטע מליצות, שטויסט זיך

אין אַ פוסטן חלל, איז כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור האָט אינגאַנצן פאַרשוויגן און פאַרשווייגט פּרצן. זי האָט אינגאַנצן אָנגעוואוירן דעם ממשותדיקן אינהאַלט און לעבט דורכויס און אויסשליסלעך מיט געשיכטע, מיט פאַרגאַנגענע מאָטיוון און באַגריפן: שלמה אבן גבירול איז פאַר איר נעענטער ווי פּרץ.

אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן איז פאָרגעקומען נאָך אַ וויכטיקע ערשיינונג, וואָס האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז די באַפרייאונג פון דער וואַרשעווער ליטעראַטור-אַפּטרופּסות און דאָס אויפקומען און אויפבליען פון די לאַנד-ליטעראַטורן. די מלחמה-יאָרן און דער בירגער-קריג האָבן אינגאַנצן אָפּגעריסן די פאַרשיידענע לענדער פון דעם פריערדיקן צענטער, פון וואַרשע, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אומעטום איז מען געווען אָנגעוויזן אויף אייגענע ליטעראַרישע כחות און ממילא איז מען אַוועק אויף אייגענע ליטעראַרישע וועגן. וואַרשע האָט זיך צו יענער צייט אויסגעלעבט, אין געוויסע פּרטים אויסגעליידיקט געוואָרן. ס'האָט געהערשט אין איר אַ צעשוואומענקייט. מער ליטעראַרישע אינערציע, ווי אמתער ליטעראַרישער דראַנג. אויך דאָס האַסטיקע אַריינרייסן זיך פון דער טאָג-פּרעסע האָט פאַרטומלט דאַן די יונגע יידישע ליטעראַטור און עס האָט אָנגעהויבן הערשן מער ליטעראַרישער טומל, ווי ליטעראַרישער ערנסט. די אָפּגעריסנקייט פון וואַרשע האָט געהאַט דערום פּאָזיטיווע מאָמענטן: אַמעריקע, אוקראַינע און גאַליציע הייבן-אָן לעבן מיט אייגענעם שעפערישן לעבן און ס'ווערן געזוכט און געפונען די אייגנאַרטיקע פאָרמען און באַגריפן, פּראָבלעמען און מאָטיוון. פאַר דער קורצער צייט פון זייער זעלבסשטענדיק ליטעראַריש לעבן, האָבן די לענדער אַרויסגערוקט פיל מערקווירדיקע און אייגנאַרטיקע טאַלענטן, און פון אָרטיקע, געגנט-שרייבער, ווערן זיי איצט אַלגעמיין-יידישע שרייבער.

פאַר דער יידישער ליטעראַטור שטייט איצט אַ ביז גאָר וויכטיקע אויפגאַבע: אָרגאַניש צונויפגיסן און פאַרייניקן די אַלע

ליטעראַטורן אין איין איינהייטלעכער ליטעראַטור. אָט דער פּראָ-צעס פון צו ־ענלעבן און פאַרייניקן קומט איצט פאָר פאַר אונ-זערע אויגן און ברענגט מיט זיך אַן אַ שיעור נייע טענער, נייע מאָטיוון, נייעם אינהאַלט און נייע פאָרמען. ס'ווערן אַזוי אַרום באַפרוכ-פערט די ליטעראַטורן איינע פון דער אַנדערער, און איינע דער-גאַנצט די צווייטע, און די יידישע ליטעראַטור אינגאַנצן וואַקסט אַזוי אַרום, פאַרברייטערט זיך און מאַכט אַלץ נייע און נייע דער-גרייכונגען.

און לחלוטין און אין היפּוך פון בעל-מחשבותעס אויספיר צו-ריק מיט צען יאָר, אַז „ס'האָט אַ פּנים, ווי די יונגע ליטעראַטור וואָלט האָבן צו גיך אָפּגעלעבט, אַז די סימנים פון עלטער זיינען געקומען פריער, איידער דאָס קומט-פאָר נאָרמאַל", קאָן מען איצט מיט פולער זיכערקייט זאָגן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז איצט, ווי קיינמאָל, נישט, יונג-ברויזנדיק און פאַרמאָגט איצט אַלע סימנים פון לעבן, וואַקסן און שטייגן.

דער פאַרגלייך פון פריערדיקן און איצטיקן אַלגע-מיינעם צושטאַנד פון דער ליטעראַטור באַווייזט, ווי ווייט מיר זיינען פאַר דער קורצער און ביז גאָר שווערער צייט אַוועק-געגאַנגען.

און מי האַלטן דאָך ערשט אין גיין און אין שטייגן.

די יידישע ליטעראַטור האָט זיך פאַר די לעצטע צען יאָר אַ האַסטיקן ריס געטאָן פון דעם פאַרגליווערטן אָרט, אויף וועלכן זי האָט זיך געפונען. די יידישע ליטעראַטור רייסט זיך אויפן ברייטן, פרייען שליאַך. פריי און ברייט האָט זי אָפּגעעטעמט און פילט איצט אין זיך די קראַפט און מעגלעכקייט צו גיין אַלץ ווייטער און ווייטער.

1922

---

# פֿאַראַלעלן

## 1

## די העברעיִשע און יידישע ליטעראַטור



ין פֿלוג קומט עס אויס אומפֿאַרשטענדלעך: די ניי־העברעיִשע און ניי־יידישע ליטעראַטור זיינען אין דער ערשטער צייט געשאַפֿן כמעט דורך איינע און די זעלבע שרייבער און דאָך זיינען די צוויי ליטעראַטורן אַזוי באַזונדער און פֿאַרשיידנאַרטיק. קוקן מיר זיך אָבער צו צו דער אַטמאָספֿער, אין וועלכער די און יענע ליטעראַטור איז אויפֿגעקומען, ווערט קלאָר פֿאַר אונז אָט די באַזונדערקייט און פֿאַרשיידנאַרטיקייט.

די ניי־העברעיִשע ליטעראַטור איז אַרויסגערופֿן צום לעבן דורכן משכּיל, דורך דעם תּלמיד־חכם, וואָס איז ראשו ורובו געווען פֿאַרטון אין די הייליקע ספֿרים, אין בית־המדרש, און שטענדיק דאָרט, האָט ער אָנגעהויבן צו פֿאַרטראַכטן זיך איבער די עיקרים פֿון יידישער תּורה און אמונה, אָנגעהויבן צווייפֿלען, לייקענען, אָפּפֿרעגן, און אַזוי אַרום האָט זיך ביי אים געשאַפֿן דער נייער געדאַנק, וואָס איז געווען באַרופֿן און באַדאַרפֿט אָפּשוואַכן, באַקעמפֿן דאָס אַלטע, אָפּגעלעבטע. פֿון דער ערשטער מינוט אָן איז די העברעיִשע ליטעראַטור געוואָרן פֿאַרן משכּיל אַ כּלי־זיין צו קעמפֿן מיט דער אַלטער יידישקייט, מיט רבנות, מיטן שולחן ערוך. אַזוי ווי ער האָט אינגאַנצן געלעבט אין די געצעלטן פֿון יידישער תּורה און צווישן די קנאים פֿון דער תּורה, האָט ער פֿאַרגרעסערט

זייער ווירקונג און וואָג, און דער אַלטער לעבנס־שטייגער מיט זיינע דינים און מנהגים איז פאַר אים געוואָרן דער הויפּט־אומ־גליק פון אַלץ אין דער וועלט.

די העברעיִשע ליטעראַטור אין די ערשטע יאָרן פון איר אויפקומען איז דעריבער געווען אַ קעמפנדיקע, אַ טענדענציעזע. איר הויפּט־אויפגאַבע איז געווען: פּאַרמיאוסן, פאַרשווארצן די אַלטע, אָפּגעלעבטע יידישע וועלט. מען האָט אָנגעווענדט לגבי איר שוואַר־צע פאַרבן, און פאַרקערט — די השכּלה און די אויסערע וועלט איז געווען ביז גאָר אידעאַליזירט. אברהם מאַפּו (אין „עיט צבוע״) פּרץ סמאָלענעקין, ראובן אשר ברוידעס, מ. בראַנדשטעטער, מ. ל. ליליענבלום (אין „חטאת נעורים״) האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים געשטורעמט די יידישע רעליגיע און אין זייערע ווערק האָבן זיי הויפּזאַכליך אַרויסגעפירט רבנים, צדיקים, כּלי־קודש מכּל המינים, און כּמעט שטענדיק קעגן זיי קעגנגעשטעלט אַ נייע קעמפנדיקע יוגנט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט נייע אידעען און טרוימען. אין זייערע אַלע ווערק איז פאַראַן מער פּובליציסטישער שטרייט, איידער קינסטלערישע אויפפאַסונג, מער וויכּוחים איבער דת און אמונה, איידער קינסטלערישע שילדערונגען. די העברעיִשע ליטעראַטור איז געוואַקסן און זיך געענדערט צוזאַמען מיטן וואוקס פון די וועלט־אָנשוייונגען און טענדענצן אין יידישן גייסטיקן לעבן. האָט שפּעטער דער נאַציאָ־נאַליסטישער געדאַנק באַהערשט די יידישע בית־המדרש־אינטעלי־גענץ, איז עס שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־מאָטיוו און עיקר־עלע־מענט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור.

מ. ז. פייערבערגס טיפּן, ווי ער אַליין, זיינען נאָך פאַר־פלאָנטערט אין די שאָטנס פון בית־המדרש, אָבער זיי טראָגן שוין אין זיך דעם קערן פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, און פאַר זיי איז עס נאָך אַ טראַגישער ווייטאָגדיקער פּלאָנטער. פון ווייטן רופט און עס בלענדט די אויגן, מען וויל אַראָפּוואַרפן דעם עול פון יידן און יידישקייט, אָבער דאָס יידישע איז שוין איינגעוואָרצלט אין אייגענעם וועזן און עס איז שוין אוממעגליך זיך באַפרייען פון זיך. מ. י. בערדיטשעווסקי אין זיינע אַלע פריערדיקע ווערק

פּרוּווט נאָך איבעררייסן אינגאַנצן מיטן יידישן עבר און וויל שטילן דעם דורשט מיט וועלטלעכער קולטור. ער באַשליסט אונטער־צינדן דעם בריק, וואָס פירט צו זיין הײם, זיך פּאַרריקט זיך ער־געץ אין פרעמדע אויסלענדישע אוניווערזיטעט־שטעט, וואו ער וויל שאַפן אַ ניי, פריי לעבן. וויפל מאָל ווייזט זיך אים שוין אויס, אַז ער האָט שוין אַלץ פון זיך אַראָפּגעוואָרפן און קאָן שוין מיט לייכטן געמיט אויפנעמען דאָס נייע, וועלטלעכע, אָבער יעדעס מאָל פלאַקערט זיך פּאַנאַנדער די בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים, נאָך דער אַלטער יידישקייט, נאָך די אַלטע ספרים און עס ציט צוריק. אויך אין די ווערק פון י. ח. ברענער, א. נ. גנעסין— הגם זיי האָבן שוין מער פּסיכאָלאָגישע שטריכן און מאָטיוון — איז געווען דער עיקר די גייסטיקע וועלט, די פּראָבלעמען און טענדענצן פון אינטעלעקטועלן לעבן פונם יידישן אינטעליגענט.

די העברעישע ליטעראַטור איז אַזוי אַרום געווען דער אויסדרוק פון דעם גייסטיקן קאַמף, זי איז מער די געשיכטע פונם יידישן ג ע ד אַ נ ק, ווי פונם יידישן רעאַלן ל ע ב ן. דאָס אוממיטלבאַרע ממשותדיקע לעבן, די רעאַלעווירקלעכקייט זיינען, חוץ אייניקע אויסנאַמען, צופעליקע און זעלטענע מאָטיוון אין דער העברעישער ליטעראַטור. פּאַרטון אין די פּראָבלעמען פון זיין־ און נישט־זיין פונם יידישן פאָלק, איז זי דאָס רוב אַדורכגעדרונגען מיט קרענק־לעכן, שווערן פּעסימיזם. די לעצטע יאָרן ציט זי איר יניקה פונם ציוניזם און דערום איז זי אָפט פאַרבונדן מיט ארץ־ישראל. און אַזוי ווי די העברעישע ליטעראַטור שפּייזט זיך דער עיקר פון אַלגעמיין־אַבסטראַקטע געדאַנקען און וועלט־אָנשויונגען, אַלצ־איינס וועלכע — צי פּעסימיסטישע, אָדער אָפּטימיסטישע, איז זי אָן אַל־יידישע, און וואו זי ווערט נישט געשאַפן: אין רוסלאַנד, גאַליציע, דייטשלאַנד, פּוילן, אַמעריקע אָדער פּאַלעסטינע—איז זי כמעט איינע און די זעלבע. דאָס לאַנד, די געגנט, די אַרומיקע סביבה ווירקן אויף איר זעלטן און גאָר ווייניק.

גאָר אַנדערש און ביי גאַנץ אַנדערע אומשטענדן און באַ־דינגונגען איז געשאַפן די יידישע ליטעראַטור. פון אָנהייב אָן האָט זי געשטרעבט צו באַפרידיקן די באַדערפעניש פון די ברייטע

פאָלקסשיכטן און זיך געפּלייסט צוצופּאַסן זיך צום גייסטיקן צושטאַנד פונם פאָלק, צו די סאַמע אָפּגעשטאַנענע עלעמענטן אין פאָלק. מען איז געקומען מיט גאַנץ באַגרענעצטע אויפקלערונגס-צילן און מען האָט גערעדט מיטן לעזער און לעזערין וועגן ענינים, וואָס איז זיי געווען נאָנט צום האַרץ און פאַרשטאַנד. מען האָט געשילדערט די ליכט און שאָטן פונם אַרומיקן לעבן, אויפגעדעקט דעם סאָציאַלן אומרעכט, באַוויזן דעם תהום צווישן רייכע און אָרעמע, גליקלעכע און אומגליקלעכע, שלעכטע און גוטע. אָנגעהויבן האָט מען טאַקע פון סענטימענטאַלע שילדערונגען, פון פּסעוודאָקלאַסישע באַשרייבונגען, אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך גענומען אָפּצושפּיגלען דאָס אָרעמע יידישע לעבן, און וואָס ווייטער אַלץ אָרגאַנישער האָט זיך פאַרבונדן די יידישע ליטעראַטור מיט דערווירקלעכקייט, ביז מען איז געקומען צום אמתן קינסטלערישן רעאַליזם, וואָס איז געוואָרן דער גרונט-שטריך פון דער ניי-יידישער ליטעראַטור. א. מ. דיק, י. אקסענפעלד, ש. עטינגער, י. י. לינעצקי, מ. ספּעקטאָר, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, י. ל. פּרץ,—דאָס זיינען קינסטלערישע שטופּעס אין דער געשיכטע פונם רעאַליזם אין דער ניי-יידישער ליטעראַטור. אין זייערע ווערק האָבן מיר דאָס רעאַלע לעבן פונם יידישן פאָלק, פאַרשיידנסטע רעאַלע טיפּן און אויסשעפּנדיקע שילדערונגען פון דאָס יידישע לעבן אין די פאַרשיידענע תקופות פונם 19-טן יאָרהונדערט.

אַדאַנק דער צוגעבונדנקייט פון דער יידישער ליטעראַטור צום רעאַלן, ווירקלעכן לעבן, איז אַזוי שטאַרק קענטיק אויף איר די ספּעציעלע אייגנשאַפטן פון דעם געגעבענעם לאַנד און געגנט דאָס גיט צו דער יידישער ליטעראַטור באַזונדערע קאָלאָריט-ניואַנסן און כאַראַקטער-פאַרביקייט. ביי מענדעלען געפינען מיר די ליטווישע טרוקנקייט, חריפישקייט, פינקטלעכקייט, ביי פּרצן—פּאַטאָס, גראַציעזקייט און מאַניר פון פּוילן, ביי שלום-עליכמען—וואָלינישע האַרציקייט, ווייכקייט, קאָלאָריט-רייכקייט, אין אַשן — ראָמאַנטישקייט און אומבאַהערלעכע גאַנצקייט פון פּוילישן שטעטל, ביי א. רייזען און דוד איינהאָרן — די איינטאָניקייט און שטילן אומעט פון ווייס-רוסלענדישער ליטע. אין אַמעריקע, אין דעם טומלדיקן

שטאָטישן גערויש, אויף דער גלײַענדיקער אַספּאַלטן־גאַס וואַקסט און פאָרמירט זיך אַ יונג־יידישע ליטעראַטור, וואָס אָטעמט מיט שטאָטישן גלי און לעבט מיט פאַרשאַרפטע נערוועזקייט. די נייע יידישע דיכטונג פון דער רעוואָלוציע־צייט אין אוקראַינע האָט געטראָגן אין זיך דעם אימפּעט און רעוואָלוציאָנערן גייסט פון דער אויפגעברויזטער אוקראַינישער וואָר־ווירקלעכקייט.

די יידישע ליטעראַטור האָט זיך באַזירט מער אויף די פאָלקסמאַסן, ווי אויף אינטעליגענטן יחידים. זי האָט מער פאַרבינדונג געהאַט מיטן סאָציאַלן לעבן, מיט די פּאָליטישע ענדערונגען און שטימונגען. לויט איר עצם איז זי מער וועלטלעך, מער אַלגעמיין־מענטשלעך. די אַלגעמיינע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג טריפט גלייך אַריין לעבן און קראַפט אין דער יידישער ליטעראַטור, און פאַרקערט — די רעאַקציע, די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע אַפּאַטיע רופט זיך גלייך אָפּ אויף דער שטימונג אין דער יידישער ליטעראַטור. די געשיכטע פון דער נײַ־יידישער ליטעראַטור האָט פיל צו דערציילן וועגן דער ווירקונג פונם אַרומיקן לעבן אויף דער ליטעראַטור. די ערשטע רוסלענדישע רעוואָלוציע פון 1905—1906, וואָס האָט אויפגערודערט די פאָלקס־מאַסן און דערוועקט אין זיי פאַרבאַהאַלטענע כּוחות, האָט אויך אַרויסגערופן נייע שעפערישע קוואַלן אין די טיפענישן פון די יידישע פאָלקסמאַסן.

און גלייך נאָך דער אויפלעבונג איז געקומען די רעאַקציע, און הן די אויפלעבונג און הן די רעאַקציע האָבן זיך ווי איינגעשניטן אינם קערפּער פון יידישן שאַפן. עס האָבן באַוויזן זיך איינער נאָך איינעם שרייבער, וואָס טראָגן אין זיך דעם מונטערן און זיכערן פאָלקס־גייסט, און עס שאַפט זיך די מעגלעכקייט און דער באָדן פאַר די שרייבער א. ווייטער, ד. בערגעלסאָן, דוד אײַנהאָרן, ל. שאַפּירא, צבי הירשקאַן, דער נסתּר, יואל מאַסטבוים, א. קאַגאַנאָווסקי און נאָך און נאָך. די אַלגעמיינע אויפוואַכונג באַשטראַלט מיט זוניקע שטראַלן אויך דאָס שאַפן פון די עלטערע יידישע שרייבער. אין פּרצס דראַמען, נאָוועלן און מעשהלעך פון יענער צייט לעבט דער רעוואָלוציאָנערער דראַנג, דער רעוואָלוציאָנערער גייסט. און אויך

ביי שלום עליכמען האָט זיך געלאָזט הערן דער פעסטער אָפּהילך פונם אויפגערודערטן לעבן. דער ייד פון אַ גאַנץ יאָר קומט שוין ביי אים אַרויס געזונטער, קרעפטיקער, די איינגעבויגענע פלייצע האָט זיך אַביסל אויסגעגלייכט, דער פאַרקנייטשטער פנים האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעפלאַמט.

און זייבען געקומען [illegible] שווערע, קלעפעדיקע יאָרן פון דער רעאַקציע האָט אונזער ליטעראַטור קרענקלעך איינגעזאַפּט אין זיך [illegible] בין-השמשות צייט פון רוסלענדישן לעבן.

די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט ווידער אַמאָל און גלייך אויפגעטרייסלט די יידישע ליטעראַטור. שוין אין די ערשטע גליקלעכע פעברואַר-טעג האָט זיך די יידישע ליטעראַטור אין אוקראַינע אָנגעצינדן מיטן רעוואָלוציאָנערן פייער, און דער שיין פון דעם פלאַקער האָט אָפּגעשטראַלט אין אַלע ווינקעלעך פון דער יידישער ליטעראַטור און איבערהויפּט אין דער ניי-אויפגעקומענער אוקראַינישער דיכטונג. און גלייך נאָך דעם איז דער שוידער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס אוקראַינישע יידנטום, אַדורכגעגאַנגען איבערן רוקן פון דער יידישער דיכטונג און ווי פּאַראַליזירט זי אַזוי ליידנשאַפטלעך רעאַגירט די יידישע ליטעראַטור אויף דעם וואָס טוט זיך אין לעבן אַרום און אַזוי שטאַרק איז די פאַרבינדונג, אין דער צייט, וואָס די העברעישע ליטעראַטור אין די זעלבע צייטן פירט זיך איר חשבון-הנפש אָן דער זייט און ווייט פון אַרומיקער ווירקלעכקייט.

די יידישע ליטעראַטור שיידט זיך שטאַרק אָפּ פון דער העברעישער נאָך מיט איינס. אין דער יידישער ליטעראַטור איז דאָס פאָלקסטימלעכע אַ וויכטיקער און אָרגאַנישער עלעמענט. דורות-לאַנג האָט זיך אָן דער זייט פונם בית-המדרש געוועבט די פאָלקס-פאַנטאַזיע. אין טרויער און פרייד, אין עת-צרה און גליקלעכע מאָמענטן האָט דאָס פאָלק אינטואיטיוו געזוכט וועגן און פאָרמען ווי אויסצודריקן די לעבנס-אימפּולסן און ווילנס-רייסענישן. אין שטוב, אין גאַס, דורך פרוי און קינד, דורכן פאָלקס מענטש און זיין צדיק האָבן זיך אַזוי ביסלעכווייז געשאַפן דער פאָלקס-שפּריכוואָרט, פאָלקס-ליד און פאָלקס-מעשה. אין דער צייט,

וואָס דער תּלמיד-חכם, דער למדן איז געווען פאַרטאָן אין חידושי-תּורה, גמרא און פּוסקים, אין חקירה און שאלות ותּשובות, האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן שאַפן שטאָף פאַר אַ צווייטער ליטעראַטור. דער שטאָף האָט פאַרמאָגט ווייניקער חריפות און ווייניקער בקיאות, אין אים איז געלעגן מער נשמה, שפּראַך, חיות, סטיל, קאָלאָריט, — שטיקער פון אייגענעם לעבענס-נוסח. און נאַטירלעך איז, וואָס דאָס פאָלקס-שאַפן אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען איז געווען אַ הויפּט-עלעמענט אין דער יידישער ליטעראַטור. און פאַרשטענדלעך איז דער גרויסער איינפלוס פון דעם פאָלקס-שאַפן אויף דער יידישער ליטעראַטור. די יידישע ליטעראַטור איז אויפגעקומען אויף דעם זאַפטיקן און פרוכטבאַרן באָדן פון פאָלקס-שאַפן און יאָרנלאַנג האָט זי געצויגן יניקה פון די טיפע פאָלקס-קוואַלן, און פון זייער חיות געוואַקסן און זיך צעוואַקסן און ביז אויף היינטיקן טאָג זיינען די פאָלקסטימלעכע עלעמענטן, די אָנגעזאַמלטע פאָלקס-אוצרות אַ שטענדיקער קוואַל פון באַגייסטערונג און באַפרוכפּערונג. פּרצס פאָלקסטימלעכע געשיכטן און חסידישע מעשיות, מ. י. בערדיטשעווסקיס יידישע כּתבים, די פאָלקס-מעשיות ביי ש. אַשן, י. מ. וויסנבערג, נסתּרס מעשהלעך,—זיי אַלע, הן מיט זייער אינהאַלט און הן מיט זייער פאָרם, שטאַמען פון דעם רייכן פאָלקס-אוצר.

די העברעאישע ליטעראַטור, לויט איר עצם און מהות, איז פרעמד דער קאָלאָריט-רייכער פאָלקס-שאַפונג. דאָס וואָס אין דער יידישער ליטעראַטור האָט זיך געטאָן ממילא, אָרגאַניש, האָבן אייניקע העברעיִשע קינסטלער באַמיט זיך באַוואוסטזיניק איינפירן אין דער העברעישער ליטעראַטור. ח. נ. ביאַליק אין „משירי העם” ד. פרישמאַן—מאגדות זקנתי, מ. י. בערדיטשעווסקי — ספּורי חסידים, יהודה שטיינבערג — חסידישע און קינדישע מעשיות, ש. טשערניכאָווסקי — קרימער אידיליעס,—דאָס זענען קינסטלעכע איבערפלאַנצונגען פון יידישער פאָלקס-שאַפונג אין העברעישן ליטעראַטור-גאָרטן, וואָס האָבן זיך סוף כּל סוף נישט צוגענומען. עס זיינען געבליבן מער אָדער ווייניקער געלונגענערע קינסטלערישע פּרובן. דער עיקר אָבער — דער קאָלאָריט, דער סטיל האָבן אָנגעווירן זייער פּרימיטיוון און באַהאַרציקסטן חן און אין די דאָ-

זיקע ווערק פילט זיך שטאַרקע געקינסטלטקייט פון שפּראַך און פאָרם.

אַזוי פאַרשיידן איז די העברעישע ליטעראַטור און די יידישער. פיל מער, ווי אין פלוג קאָן זיך אויסווייזן.

און די פאַרשיידנאַרטיקייט וואַקסט וואָס ווייטער אַלץ מער און מער. דאָס איז אַ נאַטירלעכער פּראָצעס פון דעם אָרגאַנישן וואוקס און שנעלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור.

II

# די עלטערע און ייִנגערע ייִדישע ליטעראַטור

די עלטערע ייִדישע ליטעראַטור אפילו פון דעם נאָך השכּלה
פּעריאָד, ווי זי איז באַשאַפן דורך י. דינעזאָן, מענדעלע מוכר
ספרים, שלום-עליכם, מ. ספּעקטאָר און טיילווייז אויך דורך י. ל
פּרץ, האָט זיך אינגאַנצן געפינען אין די שאָטנס פונם ייִדישן
שטעטל. צוריק מיט 30, 40 און 50 יאָר איז דאָס ייִדיש לעבן
כמעט אינגאַנצן געווען אָפּגעריסן און אָפּגעטיילט פון דער גרויסער
אַרומיקער וועלט, עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַזונדער
וועלטל, אַ פאַרגליווערט אין אייגענע פאָרמען. דער אינהאַלט און
בוי פון לעבן, די באַציהונגען צווישן ייִד און גאָט, צווישן ייִד און
ייִד, די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע און גייסטיקע סטרוקטור — אַלץ
האָט געטראָגן אַ באַזונדערן, ספּעציפישן געטאָ-כאַראַקטער, ווי ס'איז
אויסגעפאַסט געוואָרן אין פאַרלויף פון דורות-אָפּגעבאַזונדערט
לעבן. דער צענטער פון דער ייִדישער וועלט איז געווען דער בית
המדרש, די שול, דאָס איז דער איינציקער אָרט, וואו די עפנט
לעכקייט געפינט איר אויסדרוק, און וואו דער העלד האָט די מעג
לעכקייט אַרויסצווייזן זיינע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן. אויך
ווי דאָס לעבן אַזוי אויך די בית-המדרש-קולטור ציט איר המשך
פון מיטלאַלטער. און נישט נור די אַלטע, אויך די יונגע, וואָס
רייסן זיך פון די אַלטפרענקישע לעבנס-פאָרמען, זענען צוגעשמידט
צו דער באַגרענעצטער אַרומיקייט. אָפּגעריסן פון דער פרייער,
ברייטער וועלט, חלומט מען וועגן דער וועלט אין פאַנטאַזיע, און
הן די אויסערע און הן די אינערלעכע וועלט ווייזן זיך דערום
אַרויס אין אַ משונהדיקער, פאַרגרעסערטער, נישט-ווירקלעכער

וואָרם. און דאָס אָפּלייקענען די אייגענעווירקלעכקייט און דאָס טרוימען נאָך פרעמדער וועלט האָט אין זיך געהאַט אַזוי אַרום פיל אומנאַטירלעכעס, גרויטעסקעס.

מענדעלע האָט געטראָטן פעסט, מיט זיכערע טריט אויף דעם היימישן באָדן. ער האָט צוגעשמידט זיין אויג און געהער צו דער ממשותדיקער ווירקלעכקייט. זיין חריפישע אויפמערקזאַמקייט האָט ער קאָנצענטרירט אויף די פרטי-פרטים און קליינינקייטן פון דעם אָפּגעשטעלטן און פאַרגליווערטן שטעטל. ער האָט מיט אַ משונה־דיקער פּינקטלעכקייט געצויגן פון לעבן, פון דאָס פאַרענדיקטע און אָפּגעקילטע, געקליבן אַלץ מיט עטנאָגראַפישער גענױקייט און זאַמלער־ליבשאַפט. טריי דער ווירקלעכקייט, האָט ער אַלץ געשילדערט אין דער נאַטירלעכער פאָרם מיט אַלע אויסערלעכע פּרטים און העויות. מענדעלע איז געווען און פאַרבליבן פאַר אונז מער באַאָבאַכטער ווי דיכטער, מער זעער, ווי קינסטלער. זיינע ווערק פאַרמאָגן מער קולטור־שאַצן איידער קינסטלע־רישע אויפפאַסונג, מער געשיכטע - שטאָף איידער אינדיווידועלע דיכטונג. מיר לייענען אַרויס פון זיינע ווערק געשיכטע און עטנאָגראַפיע פון דעם אַמאָליקן לעבנס־שטייגער.

אויף שלום עליכם האָט ראשו ורובו געלעבט אין שטעטל־געזען אַרום זיך דער עיקר די קליין - שטעטלדיקע סביבה, מיטן חדר, מלמד, רב, שמש, שדכן, מעקלער. איין גרויסע כּתרילעווקע מיט קליינע מענטשעלעך און קליינע השגותלעך. דאָס שטעטל ביי שלום עליכמען איז שוין ניט אַזוי פאַרגליווערט ווי ביי מענדעלען, עס באַוועגט זיך שוין, עס יאַרידעוועט שוין, אָבער עס לעבט נאָך אַלץ און איינגאַנצן אין דעם אַלטן רעליגיעזן לעבנס-נוסח, און ווען עס דערגייען אַהין גרוסן, אָפּקלאַנגען פון דער אויסערער וועלט, נעמט עס זיי אויף אַ ספּעציעלן, יידישלעכן שטייגער: מעשה־דרייפוס, מלחמות, ציוניזם, סאָציאַליזם, עמיגראַציע, אמעריקע שפּי־לען זיך אָפּ ביי שלום עליכמס מענטשן, ווי אין אַ קרומען שפּיגל. די פעלט-געשעענישן קומען אַרויס אין דער יידישלעכער קליינשטעטל־דיקער סביבה קאָמיש, לעכערלעך און פאַרקריפּלט.

ענג פאַרבונדן מיטן פאַרעלטערטן יידישן לעבן איז אויך

י. ל. פרץ אין אייניקע פון זיינע ערשטע רעאַליסטישע דערציי־
לונגען. די דאָזיקע דערציילונגען פאַרנעמען אין פרצס שאַפן אַ גאַנץ
באַזונדער אָרט. פרץ האָט זיך דאַן נאָך אינגאַנצן געפונען אין
שאָטן, אין געפּענגעניש פון דאָס באַגרענעצטע יידישע לעבן און
זיך ערשט אָנגעהויבן אַרויסצורייסן פון דער ענגער אַטמאָספער.

קליינשטעטלדיקייט — דאָס איז דער הויפּט־עלעמענט
פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור און פון דעם שטאַמט
אַרויס די צווייטע באַזונדערקייט פון דער פאַר־ערדיקער ליטעראַטור —
דער קאָלעקטיוו. אומעטום פיגורירט דאָרט דער כלל, דער
קאָלעקטיוו.

דאָס יידיש לעבן אין נאָך דאַן ווייניק דיפערענצירט גע־
ווען. מען האָט אַלע געלעבט אַ געמיינזאַם עדה־לעבן. דער דין,
דער שולחן־ערוך, דער מנהג פון דור דורות האָט געוועלטיקט,
רעגולירט דאָס גאַנץ לעבן און אַרומגעצוימט עס פון אַלע זייטן;
און דער יחיד, ווען ער האָט אַפילו אַריבערגעוואַקסן די אַרומיגע
עדה, האָט נאָר מיטגעהאָלפן דער אַלגעמיינער מילבן־אַרבעט פון
דעם כלל. אַלע זענען געווען ערוב איינער פאַרן צווייטן און אַלע
האָבן באַדאַרפט טון, שטרעבן צו איינס און דאָס זעלבע. דורך
דעם כלל האָט מען ניט אַרויסגעזען דעם יחיד, אין דער
אַלגעמיינער בילד זענען פאַרלאָרן געגאַנגען איינצעלנע באַזונדער־
הייטן, און נאָר אין דער ספערע פון תורה און אמונה האָט גע־
קאָנט דער גדול פאַנאַנדערוויקלען זיינע פעאיקייטן און נאָר
אויף דעם שטח האָבן געקאָנט אויסוואַקסן די אינדיווידועלע שטריכן
פון די פערזענלעכקייטן. און פאַרשטענדלעך איז דערום, וואָס די
יידישע עלטערע ליטעראַטור ווייס נאָר פון אַ כלל, פון דעם קאָ־
לעקטיוו, און אויך די איינצעלנע פערזאָנען און טיפּן, וואָס זענען
דורך זיי געשילדערט זענען אויך דער עיקר פאָרשטייער פון כלל,
פון דעם כלל־לעבן. ברענגען מיר אַרויף אויפן געדאַנק די טיפּן
ביי מענדעלען, אַזוי ציט זיך נאָך יעדן אייניציקן פון זיי די אַרו־
מיקע סביבה, וואָס ער, דער טיפּ, איז איר סימבאָל. פישקע דער
קרומער, אַלטער יקנה״ז, מענדעלע אַליין און נאָך און נאָך — זיי
אַלע רעדן דאָך, מאַכן העוויות און טוען דאָס, וואָס ס׳איז כאַראַק־

טעריסטיש פאַר יעדן ייִדן, און אויף יעדן שריט און טריט שטרייכט דאָס מענדעלע אונטער אין זיינע „ניט דאָס בין איך אויסן". און דער פאַן ארום איז אַזאַ טרויעריקער, אָרעמער, קבצנישער. אויך דאָס רוב טיפּן ביי שלום עליכמען זענען יידן האַלב-קבצנים, האַלב-בעטלער, זיי לעבן מיט נסים, שפּאַרן אַדורך די יאָרן מיט ווערט-לעך און שטעך-רעד. מ'פילט אומעטום, אַז ווייטער אַזוי לעבן איז אוממעגלעך, אז אָט-אָט קומט די קאַטאַסטראָפע, וואָס וועט זיי אַלעמען אומברענגען. דאָס לעבן אין פרצס שטעטלעך, ווי ער האָט עס געשילדערט אין זיינע „בילדער פון אַ פּראָווינץ-רייזע", איז אויך רואינירט, זיי ליידן פון נויט און דחקות, מגפות און קרענק. דאָס רעאַלע לעבן איז ווי חרוב געוואָרן, עס לעבן נאָר נשמות, קרענק-לעכע נשמות אָן גופים, אָן אַ געזונטן יסוד אונטער די פיס. אַזוי האָבן געזען דאָס ייִדיש לעבן די עלטערע ייִדישע שרייבער, אומע-טום אָרימע, בלאַסע געשטאַלטן, פאַרזאָרגטע און אויסגעמאַטערטע

ראַדיקאַל איבערגעביטן און איבערגעאַנדערשט קומט אַרויס דאָס ייִדיש לעבן אין די ווערק פון די שפּעטערדיקע ייִדישע שרייבער. די פאַרשטעלונג, אַז דאָס ייִדיש פאָלק איז אַ פערגלי-ווערטס אין דעם שטעטל, ווערט פאַרשוואונדן. די איינהייטלעכקייט פונם גאנצן פאָלק ווערט צעשפּאָלטן. אין דער גאַנצער פּאַטריאַר כאַלער עדה, וואָס איז געווען איינגעשלאָסן אין די רעליגיעזע צוימען, הויבן זיך אָן אויסשיילן און אויסטיילן פאַרשיידענע כּוחות, עס טרעטן אַרויס באַזונדערע קלאַסן, איינצעלנע יחידים. דער בית-המדרש, דער מיטלפּונקט און צענטר פונם גאַנצן פריער-דיקן ייִדישן לעבן, רוקט זיך אָפּ אָן אַ זייט, און די וואָכעדיקע-טאָג-טעגלעכע לעבנס-אינטערעסן הויבן אָן צו פאַרנעמען אַן אָרט ביי יעדן איינציקן. מען הויבט זיך אָן צו באַרירן מיט דער אויסער-לעכער וועלט און אויסערלעכער קולטור, דער באַן-פּאַרקער דרינגט אַריין אין יידישן תחום, ס'הויבט זיך אָן די באַוועגונג פון שטעטל אין שטאָט, ס'קומט אַ שטענדיקער אויסטויש פון איינדריקן, איינ-פלוסן, פּראָבלעמען און באַגריפן מיט דער אַרומיקער וועלטלעכער קולטור. ס'פאַרברייטערט זיך דער שטח פון האַנדל, מלאכה און לעבנס-באַציהונגען, און אַזוי אַרום רוקט זיך אַרויס דער קליינ-

שטעטלדיקער ייִד פון זיין ווינקל, ער ווערט ביסלעכווייז אַ מיטברויכער און מיטשאַפער אין דער אַרומיקער סאָציאַל-עקאָנאָמישער און קולטור-ליטעראַרישער סביבה און עס דערוועקן זיך ביי אים פאַרלאַנגען און שטרייבונגען צו מאָדערנעם לעבן, צו מאָדערנער קולטור.

אין די שפּעטערדיקע ווערק האָט י. ל. פּרץ זיך באַפרייט שוין פון דער ענגער ייִדישער וועלט. וואָס ווייטער פאַרנעמט דאָס מענטשלעכע, דאָס וועלטלעכע אַלץ אַ גרעסערן און וויכטיקערן אָרט אין זיין שאַפן. דאָס אַלטע, פּאַטריאַרכאַלע קוקט שוין ביי אים אַרויס פון אַ געשיכטלעכער ווייטקייט, עס קומט שוין אַרויס אַ געהייליקטע אין טרוים, אין פאַנטאַזיע. עס איז שוין אַן איבערגעדיכטעטע וועלט און ער ברענגט אַרויס אין זיינע מעשיות דעם דיכטערישן תמצית, די נשמה פון אַמאָליקן לעבן. ער לעבט שוין אין אַ מאָדערנער אידעען-אַטמאָספער, עס פאַרנעמען אים מענטשלעכע פּראָבלעמען, און די איינדרוקן, נאַטור-שילדערונגען, וועלט-באַנעמען, געפילן-רופן, סאָציאַלע פראַגן, — דאָס אַלץ האָט ביי פּרצן אָנגעהויבן צו לעבן אין וועלטלעכע פאָרמען.

אַן אָנזאָג פון די טיפע סאָציאַלע ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין ייִדישן לעבן, איז געווען שלום אַש מיט זיינע נייע, פרישע, קרעפטיקע מאַסע-מענטשן. זיינע מענטשן לעבן אויסער די בית-המדרש ווענט. עס קומען אַרויס פאַר אונז לעבעדיקע, געזונטע יונגען פון קוילער-געסל מיט פרייע נאַטורן, פרייע כאַראַקטערן און נייעם לעבנס-שטייגער. „דער ייִד—זאָגט אַש אין איינער אַ דערציילונג—, דער ייִד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער דאָרטיקער ערד, האָט אין זיך מער פעלד-געשמאַק, ווי בית-המדרש און מקוה".

אויך ביז אַשן האָבן מיר געהאַט אין דער ייִדישער ליטעראַטור שילדערונגען פונם פאָלקס-מענטש אין די ווערק פון י. דינעזאָן און מ. ספּעקטאָר. אָבער פריער זענען עס געווען סענטימענטאַלע שילדערונגען, באַשיינט און באַפאַרבט דורך אַ גוזמאדיקער משכילישער אידעאַליזירונג. דער שרייבער האָט דורך די שילדערונגען געוואָלט דערוועקן רחמנות אויף מיטלייד, און צוזאַמען מיט

די פאַראומגליקלעכטע, דערנידערטע און פאַרשעמטע האָבן זיי אַרויס־געפירט דעם רייכן, קאַרגן, שלעכטן און תּקיף. דער ערלעכער און שטילער אָ ר י מ אַ ן איז דאָס אָרעם שעפּעלע, וואָס ווערט גע־רודפט און פאַרציקט דורך דעם ר י י כ ן.

אַשס מענטשן באַווייזן זיך אין אַ נייער סביבה, אין אַ געזונ־טער און באַפעסטיקטער, מיר פילן די אוממיטלבאַרע, סטיכעישע קראַפט, וואָס זיי פאַרמאָגן, אַ קראַפט, וואָס איז נאָך ניט אויסגע־נוצט. דער מענטש זוכט ערשט זיין אָרט אין לעבן און עמפּט אויס פאַר זיך אַן אָרט אין לעבן. דאָס יידישע לעבן איז שוין פעסט איינגעוואָרצלט אין דער אַרומיקער סאָציאַ־לער סביבה און איז באַהעפט מיט דער לעבעדיקער נאַטור. און דאָרט, וואו דער פריערדיקער יידישער שרייבער האָט געזען פאַר־גליווערטקייט, אָרימקייט, איינטאָניקייט, פון דאָרט ציט אַש אייגנ־אַרטיקן סטיל. פון דאָרט שפינט אַש זיין ראָמאַנטישן טרוים. די פריערדיקע שרייבער האָבן באַוויזן דאָס לעבן אין גרויע פאַרבן אַ פאַרחושכטס, אַ פאַראָרעמטס, אַש האָט באַגאָסן דעם יידישן שטעטל מיט דעם זיבעטן יידישן חן און די שטוב, די גאַס באַ־קומט ביי אים אַן אייגנאַרטיקן ריטם, אַ יום־טובדיקן אויסזען.

ביי אַשן לעבן די יידן אַ פול גאַנץ לעבן. עקאָנאָמיש זענען זיי באַפעסטיקט און אויך פיזיש זענען זיי גאַנץ און אומבאַרירט דאָס יידיש לעבן איז נאַטירלעך און נאָרמאַל. אַש האָט באַרעכ־טיקט דעם „גלות". זייער קיום און וואוקס, קראַפט און יניקה ציען אַשס טיפּן פון רעאַלן ממשותדיקן לעבן.

נאָך אַשן איז געקומען י. מ. ווייסנבערג. אויב ביי אַשן איז געווען ראָמאַנטיק, אידילישקייט, באַהאַרצקייט, האָט ווייסנבערג מיט־געבראַכט אוממיטלבאַרע פרימיטיווע קראַפט. דורך ווייסנבערגן זענען געקומען צום וואָרט אַליין די מאַסן. אין די טיפענישן פון די פאָלקס־מאַסן האָט זיך אָנגעקליבן ממשותדיקע קראַפט, לאַנגע צייטן איז אָט די דאָזיקע קראַפט געווען איינגעשלאָפן און איצט האָט זי אויפגעוואַכט. די כּוחות־פאַרהעלטעניש אין יידישן לעבן האָבן זיך געביטן, עס קומט אויף דער פאַרהאָרעוועטער פאָלקס־מענטש, עס באַווייזן זיך די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, עס פילט

זיך די אומצופרידנקייט, די אויפרעגונג קעגן די פריווילעגירטע מיוחסים אויף דער יידישער גאַס. דער נייער קלאַס פילט זיין קראַפט און אין זיינע באַציהונגען פילט זיך דער שטאַרקער האַס און פאַרדראָס פאַר די יאָרן, וואָס מ׳האָט אים דערווייטערט פון לעבן. ער טרעט אַרויס מיט כוח קעגן די אַמאָליקע מיוחסדיקע כלי־קודש און עס קומט צו צוזאַמענשטויסן, צו געשלעג, צו בלוט. ווייסנבערג נעמט שוין אויף גאָר אויף אַן אַנדער אופן די לעבנס־דערשיינונגען, די אויפפאַסונג איז ביי אים דורכאויס אַ וועלטלעכע, אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע. פאַראַן שוין ביי אים דער יונגער דור, געקומען פון פאַבריק־שטאָט, ער איז שוין אַדורכגעדרינגען מיט דער נייער תורה פון סאָציאַליזם און עס לעבט אין אים דער פאַרשטייפטער פראָטעסט קעגן אונטערדריקער. דער ייִד זיינער האָט אָנגעוואוירן דעם צובונד צום אַלטן ספר, ער איז אַ פשוטער חי־וקים, לעבט מיט דער רעאַלער קאָנקרעטער לעבנס־סביבה. אין איינער אַ קליינער דערציילונג „ניט באַשערט" שילדערט י. מ. ווייסנ־בערג דריי אַלטע, פשוטע ייִדן, ווי זיי לאָזן זיך אויף דער עלטער קיין ארץ־ישראל. זיי פילן זיך אָבער דאָרט גאָר פרעמד, אומהיימ־לעך און עס ציט זיי צוריק צו זייער אמתער היים. אַפילו די פשוטע פאָלקס־מאַסן פון עלטערן דור האָבן שוין איבערגעריסן מיטן בית־המדרש, און ארץ־ישראל איז שוין פאַר זיי אַ דורכאויס פרעמד לאַנד, וואָס רעדט שוין צו זייערע פשוטע, גאַנצע הערצער גאָרניט. זיי האָבן שוין אינגאַנצן אויסגעלעבט די אַלטע, פרומע ייִדישקייט און זיי געניסן שוין פון אַ נייער לעבנס־סביבה.

צו דעם אָרט שילדערן דאָס לעבן דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן ח. נ. ביאַליקס ייִדישע לידער און דערציילונגען. אין זיי הערן מיר אויך די קרעפטיקע, הילכיקע שטים פון זייער ממשות דיקן לעבן. און עס איז באַזונדערס מערקווירדיק פאַר ביאַליקן וואָס לויט זיין וועלט־אָנשויאונג און אין זיין העברעאישער דיכ־טונג איז ער דער לייקענער און צווייפלער פון היגן „גלות" לעבן. אומעטום, אין זיינע העברעאישע לידער האָט ער אָן אויפהער אונטערגעשטראָכן די אומבאַהאָלפנקייט און מאַכטלאָזיקייט פון דעם ייִדישן פאָלק און אַלץ געבענקט אַנן אַרויסגעקוקט קיין ציון.

זיינע לידער „מיין גאָרטן", „פרילינג", זיינע דערציילונגען „ארי-בעל-גוף", „מאַרינקע" זענען קרעפטיקע ווערק, וואָס פאַרמאָגן פיל חיות און זיכערקייט, זיי זענען געזונטע פלאַנצונגען אויף אַ פעסטן זאַפטיקן באָדן. אין זיי איז פאַראַן אַן אייגנאַרטיקער סטיל, און אַן אייגנאַרטיקער לעבנס-שטייגער, וואָס איז געשאַפן דורך דעם יידישן פאָלק אין משך פון הונדערטער דורות און איז ענג צוזאַמענגעבונדן מיט דעם אַרומיקן לעבן, אַרומיקער נאַטור. אינסטינקטיוו, אפשר קעגן אייגענעם באַוואוסטזיין, האָט ביאַליק מיט זיינע געזונטע חושים דערשמעקט די זאַפטיקע שוואַרץ-ערד און אויפגעבראַכט אין די דאָזיקע עטלעכע ווערק די שפע און חיות פון דעם וואָלינישן יידישן ישוב. די יידישע גאַס פאַרנעמט שוין אַ בכבודיקן אָרט אין דעם אַרומיקן שטעטל, די יידישע שטוב שטייט אַ פעסטע, מיט הרחבה און מיט פאַרנעם. דער ייד איז דאָ אַ בעל-הבית, ביי זיך אין דער היים, סקראַפּינטשעכע די גויע איז אין גלות. דער ייד שטויסט אַרויס דעם ניט-יידן פון זיין אָרט און פאַריידישט די גויעשע גאַס.

און וואָס ווייטער אַלץ מער ווערט פאַרענדערט דאָס טרויעריקע אויסזען פון דער יידישער ליטעראַטור. אין אייראָפּע און אין אַמעריקע קומען צו נייע יידישע שרייבער, וואָס זעען שוין פאַר זיך אַ פאַרשיידנאַרטיק, פאַרשיידענפאַרביק, נאַטירלעך און נאָרמאַל יידיש לעבן מיט אַן איינגעשטעלטן מאָדערנעם לעבנס-נוסח, מיט אַ מאָדערנעם כאַראַקטער און אינהאַלט. ש. אַש אין זיינע נייע ווערק, ד. בערגעלסאָן, א. ראובני, י. אָפּאַטאָשו, א. ראַבאָי, ד. איגנאַטאָוו, ב. גלאַזמאַן און נאָך און נאָך. עס וויקלט זיך שוין פאַנאַנדער אַ ברייט, רייך, פילפאַרביק לעבן מיט נייער האַנדלונג, מיט היינטצייטיקע פאַרהעלטעניש. עס קומט שוין אויף אַ שטאָטיש לעבן, יידן-גבירים מיט ברייטן משפחה-לעבן, אַ געזונטע יוגנט, וואָס לעבט און לערנט אין גרויסע אוניווערזיטעט שטעט און וואָס טראָגט אין זיך נייע אידעען. אַ נייע וועלט פון שרייבער דאָקטוירים, סתם-אינטעליגענטן מיט אַ פאַרטיפטן און פאַרברייטערט בליק אין לעבן, באַוואוסטזיניקע אַרבייטער מאַסן און פאָלקס-מאַס מיט געזונטע באַגערן און תביעות צום לעבן. דער פאָן—אַ פאַרברייי

טערטער, אַ נייע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סטרוקטור, אַ סבֿיבֿה וואָס אירע וואָרצלען זענען צעגאַנגען אין דער אַרומיקער געגנט. דאָס יידישע לעבן האָט פריער פאַריידישט דעם קליין שטעטל. געשאַפן דאָרט אַן אייגענעם סטיל און קאָלאָריט, איצט גייט שוין אַ ווייטערדיקער שאַפענדיקער פּראָצעס: אַרויפלייגן דעם אייגנאַרטיקן שטעמפּל אויף דעם גרויסשטעטלדיקן לעבן, אויף דעם יונגן, מאָדערנעם ייד. און אין דעם זין פילט זיך אַ ווייטאָגדיקע און פּיינפולע שעפערישע אַרבעט. דער שרייבער איז דאָ ניט נאָר אַ שילדערער, ער ווייטיקט אויס זיינע ווערק, ער האַקט פון זיין אייגענעם שטיין, שלאָגט אַרויס פונקן פון אייגענעם פעלז. ער גראָבט זיך אין טיף פון אייגענע און פאָלקס-אוצרות און וויל אַרויסגעפונען דאָס וועלטלעכע אין זיך, דאָס מענטשלעכע אין ייד, דאָס קאָסמישע אין יידישן פאָלקס-אוצר.

אין יידישער אונזער ליטעראַטור פאַר די לעצטע צענפופצן יאָר, גייט אַדורך אַ שטיק אינערלעכע געשיכטע, די געשיכטע פון אונזער שטייגן און וואַקסן, פון דעם ראַנגלען זיך פון די וועלט-פּראָבלעמען און יידישע פּראָבלעמען. דער קינסטלער צוזאַמען מיט זיין טיף האָבן דורכגעשלאָגן דעם וועג צום נייעם, צום וועלטלעכן לעבן. ס'זענען אפשר נישט געשאַפן געוואָרן קיין איינצעלנע גרויסע ווערק, וואָס זאָלן אַרומנעמען דאָס גאַנצע לעבן פאַר די לעצטע מערקווירדיקע יאָרן, ס'זענען נאָך ניטאָ די גרויסע עפּאָכע-ווערק, אָבער אינגאַנצן גענומען טראָגט אין זיך די פּראָזע און דיכטונג פון די לעצטע יאָרן די פריידן און ליידן, ליכט און שאָטן, וועגן און אומוועגן פון תּקופֿות, וואָס קומען אויף און קומען אום. און דאָס אַלט, אַוועקגייענדיק לעבן, די לעצטע פּאַטריאַכאַלע טיפּן, וואָס שטאַרבן אָפּ שוין, ווי די יונגע, וואָס רייסן זיך ערשט פון זייער שטאַם, וואָס שטאַמלען ערשט אַרויס נייע, ניט-זיכערע און אָפּטמאָל ניט-קלאָרע ווערטער און אמתן, — זיי אַלע ווערן מיט ליבע און פאַרשטאַנד, מיט ערנסט און באַגייסטערונג געשילדערט אין דער ניי-יידישער ליטעראַטור וואָס איז איצט פאַרטון און פאַרנומען אינם אַרויסברענגען און אַנטפּלעקן דאָס מאָדערנע שאַפנדיקע לעבן.

III

## פאָלקס־שרייבער און אינטעליגענטן־שרייבער

פון צוויי גאַנץ־באַזונדערע קוואַלן שטאַמט די נייע ייִדישע ליטעראַטור. אָט די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די מקורים באַשטימט, הגם אין אַלגעמיינע אָבער דאָך אין גאַנץ אייגנאַרטיקע פאָרמען דעם כאַראַקטער און צורה פון די באַזונדערע שטרעמונגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

פון איין זייט—דאָס אוממיטלבאַרע, פרימיטיווע פאָלקס לעבן, באַגרעניצט אין זיינע אייגענע פאַריינפאַכטע לעבנס־פאָרמען. פאַרטון אין דאגות־פרנסה, פאַרחושכט פון דחקות און נויט, האָט די ייִדישע פאָלקס־מאַסע ניט געהאַט קיין צייט און מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן דער גייסטיקער בית־המדרש־וועלט און איז געבליבן אַזוי דערווייטערט פון די עולמות העליונים פון דער ייִדישער מחשבה אין די פאַרשיידנסטע צייטן. אָן דער זייט פון די חקירות, שאלות ותשובות, דרוש און פוסקים, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם ייִדישן תלמיד־חכם, זענען די פאָלקס־מאַסן געגאַנגען האַרט ביי דער ערד, צוגעבונדן צו דער אַרומיקער רעאַלער סביבה, ביסלעכווייז זיך אַליין דורכגעשלאָגן אַ דרך אין לעבן און געשאַפן זיך אַן אייגענע וועלט. אָן פראַכט און גלאַנץ, אָן וואַקלענישן און ווידערשפרוכן, אָן קאָפּחריפות און פלפול. די וועלט איז אַ פאַראָרעמטע און עס קוקט אַרויס פון דאָרט דער צוגעדריקטער ייִדישער געמיט און דאָס פאַרטרויערט ייִדיש האַרץ.

אויף דעם אָרעמען באָדן האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער שעפערישער דראַנג פון ייִדישן פאָלקס־מענטש און ייִדישער פרוי. דאָס פאָלקס־שאַפן ציט זיך אַזוי דורות־לאַנג אָן דער זייט פון דער רבנישער, תלמיד־חכמישער ליטעראַטור, ביז עס דערגרייכט צו דעם

באוואוסטזיניקן יידישן שאפן אין די לעצטע צענדליק עריארן.

מ. ראָזנפעלד, א. רייזען, יונה ראָזנפעלד, פּ. הירשביין (אין די ערשטע רעאַליסטישע דראַמען), ב. שאַפּיר, פּ. בימקא און פיל אַנ. דערע שרייבער, — זיי אַלע זענען אויסגעוואַקסן אין דער גרויער סביבה פון דעם פריערדיקן רעאַלן אָרעמען פאָלקס-לעבן. זייער גאַנצע יניקה האָבן זיי געצויגן פונם רעאַלן שטעטל-באָדן. זייערע דערציילונגען זענען אַ גלייכער אָפּקלאַנג פונם באַגרענעצטן, פאַר-חשכטן לעבן, מיט זיין גאַנצער נויט און אָרעמקייט. זיי האָבן דאָס לעבן ניט איבערגעוואַקסן, אין זיי האָט געלעבט דאָס אומ-מיטלבאַרע, פרימיטיווע לעבן, ווי ביים פאָלק אַליין. זיי האָבן געגעבן לעבן-שילדערונגען, צופיל אמתע און צופיל נאַטירלעכע, זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט מער אויף דער אויסערלעכער זייט און געגעבן שטיקלעך און ברעקלעך, עפּיזאָדן און מאָמענטן וועגן דער אויסער-לעכער אומבאַהאָלפענער לאַגע. די דערציילונגען זענען נאָר פאָ-סירונגס-שילדערונגען, די עפּיזאָדן וואַקסן ניט אַרויס פון דער גאַנ-צער געשיכטלעכער קייט פונם פאָלקס-לעבן.

אברהם רייזען האָט אָנגעשריבן פיל צענדליקער דערציילונגען און נאָוועלן פון די פאַרשיידנסטע מאָמענטן פון פאָלקס-לעבן, אָבער די אַלע מעשיות טראָגן דעם כאַראַקטער פון מאָמענט-פאָטאָגראַ-פיעס, זיי געבן גאַנץ-בלייכע צייכנונגען פון דעםווירקלעכן לעבן, ביטאָ דער אינערלעכער קינסטלערישער אמת, און די מענשן ווערן ניט באַוויזן אין דער געהיימער פאַרבינדונג מיט דעם אַלגעמיינעם לעבנס-קנויל. און אַלע זיינע סקיצן זענען אַזוי שטאַרק ענלעך איינע אויף דער אַנדערער, אָן בלוט און אָן פלייש, פשוטע, טרוקענע טאָג-טעגלעכע באַגעגענישן, אָן באַזונדערער קינסטלערישער שיין, אָן אינטימען, שעפערישן גייסט. ווי דער אינהאַלט אַזוי אויך די פאָרם איז אַ גאַנץ פרימיטיווע און פאַרעלטערטע, דער בוי פון דער סקיצע איז אומעטום דער זעלבער, דער טיפּ ווערט געגעבן אין איניקע אויסערלעכע שטריכן און מיט דער זעלבער טענדענץ אַרויסצוווייזן זיין נידערגעשלאָגנקייט און אומבאַהאָלפנקייט. אין די דערציילונגען פון די קליין-שטעטלדיקע טיפּן וואַרפן זיך נאָך דורך גאַנץ כאַראַקטעריסטישע בילדלעך, און פאַראַן דאָרט די אייגנאַרטיקע

אָרעמקייט, אָבער נאָך טרוקענער און מטושטשער זענען בײַ א־
רייזען די מעשׂיות וועגן די מענטשען אין דער גרויסער שטאָט.
דאָרט פעלט לחלוטין דער אַלגעמיינער פּאָן, און די מענטשן זענען
בײַ אים ווי שאָטנס.

דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן אויך וועגן דעם צווייטן
פאָלקס־שרײַבער יונה ראָזנפעלד. ווי אברהם רייזען, אַזוי אויך יונה
ראָזנפעלד קומט גלײַך פון דעם רעאַלן לעבן. ער איז דער אומ־
מיטלבאַרער אויסדריקער פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, פון
די איינצעלנע לעבנס־עפּיזאָדן בײַ די פאָלקס־מענטשן. בײַ ראָזנ־
פעלדן געפינען מיר שוין גאַנץ אָפט סימנים פון קרענקלעכקייט, טראַ־
גישקייט און שטומע לײַדן, אין דער צײַט, וואָס בײַ א. רייזען איז
דער עיקר רחמנות־געפילן. ראָזנפעלדס מענטשן זענען דערצו פאַרבי־
טערט, זיי טראָגן אין זיך פאַרשטיקטן האַס און ניט־אויסגעדרוקטן פאַר־
דראָס אויף אייגענע און פרעמדע. ער זוכט אויך אויס אומנאָרמאַ־
לע פּאַטאַלאָגישע באַציִונגען צווישן זיי און זייערע אַרומיקע.
(„עלענדע", „פלאָנטער", „די ווילדע בריאה",) נעמט זײַנע מענטשן
אין אַן אויסערגעוווינלעכער לאַגע („אַן אַ האַנט", „פון שרעק").

אויך פּרץ הירשביין אין זײַנע ערשטע רעאַליסטישע דראַ־
מען האָט געגעבן סצענעס־בילדער פון דעם פאַראָרעמטן לעבן, ער
איז געבליבן צופיל טריי דער ווירקלעכקייט. פאַראַן דאָרט אַן אַ
שיעור זיפצן, טרערן, טרויעריקע מאָמענטן, אָבער אים איז נאָך ניט
געלונגען דאַן אַרײַנצודרינגען טיפער אין דער וועלט פון לײַדן און
אַנגסטן און אַרויסצוגעפינען די אינערלעכע נשמה, דעם אינטים־
פאַרבאָרגענעם חיות, די סודות־פולע געהיימניש פון די לעבנס־גע־
שעענישן.

ערשט אַש און ווייסנבערגן און נאָך זיי—די איבריקע יונגע,
וואָס האָבן געשטאַמט פון פאָלק, איז געלונגען צו געבן קינסטלע־
רישע שילדערונגען פון דעם פאָלקס־לעבן. זיי קומען אויך פון די
טיפענישן פון די פאָלקס־מאַסן, אָבער זיי פאַרמאָגן שוין אייגענע
אינטויטיווע קראַפט און קינסטלערישע פאָרם, אַרויסצוגעפינען פון
די טאָג־טעגלעכע געשעענישן דאָס שטייפע און פאַרגאַנצטע, דאָס
אייגנאַרטיקע און פאַראַלגעמיינערטע, וואָס דאָס לעבן פאַרמאָגט

אין זיך. זייערע מענטשן זענען בולטע פיגורן, לעבעדיקע געשטאַלטן אויפן אַלגעמיינעם לעבעדיקן פאָן פון פאָלקס-לעבן. צו דאָס פרימיטיווע און אוממיטלבאַרע, וואָס די פאָלקס-מאַסן אַליין האָבן געשאַפן, גיבן זיי צו פון אייגנס, די געשטאַלטן קומען אַרויס פאַרפיינערט און באַשטראַלט מיט אייגענער שיין, די אינטעלעקטועלע קראַפט ציט אַרויס דעם מענטשן פון קאָלעקטיוון שטח און טריפט אַריין אין אים אייגענע גבורה, און ער וואַקסט אַרויס פון דער עדה און ווערט אַן אייגנאַרטיקער, און מיט זיין אייגנאַרטיקייט שטראַלט ער אָפּ אויף דעם פאָלקס-לעבן, פון וואַנעט ער איז געקומען און דערנענטערט אַזוי אַרום דאָס פאָלקס-לעבן צו אונז.

דער הויפט עלעמענט אין דעם שאַפן פון די פאָלקס-שרייבער איז די סאָציאַלע אומגערעכטיקייט, די מאַטעריעלע נויט, אין וועלכער עס געפינען זיך די פאָלקס-מאַסן. דער שרייבער איז געבוירן, אויפגעוואַקסן און זיך אַנטוויקלט אויף דער יידישער גאַס, ער איז געבונדן צו דער רעאַלערווירקלעכקייט און דערום שילדערט ער די געגעבענע סביבה מיט אירע מענטשן אין זייער טאָג-טעגלעכן לעבן, מיט זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן און אויך די מאַטערנישן און פלאָגן, וואָס זיי איז אויסגעקומען דורכצומאַכן, כדי צו באַפרידיקן די נישטיקע מאַטעריעלע באַדערפנישן.

גאָר פון אַנדערע קוואַלן ציען זייער שאַפונג די פריערדיקע אינטעליגנטן-שרייבער. זיי שטאַמען פון העכערע מער-פּריווילעגירטע קרייזן: פון רבנים, גוטע-יידן, שוחטים, מלמדים. אָט די קרייזן האָבן פאַרנומען אַ באַזונדערן אָרט אין דער יידישער וועלט, געוועזן אויסגעטון פון די הבלי עולם הזה, און זענען געווען פאַרטון אין תלמיד, פוסקים, דרוש, חקירה, קבלה און חסידות.

אין אָט דער תלמיד-חכמישער סביבה, וואָס יעדע תקופה און יעדע געגנט האָט זיך געשאַפן, האָט זיך אָנגעקליבן פיל גייסטיקע שטאָף, געלעגן ניט אויסגענוצט, פאַרבאַהאַלטן אין אַלטע אָפּגעלעבטע פאָרמען. עס האָבן זיך געקליבן דביקות-געפילן, התלהבות, קדושה-פאָרכטיקייט, התפעלות-מאָטיוון און ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַנטפּלעקט צו ווערן אין קינסטלערישער אויפפאַסונג. די אַלע געפילן, פאָרשטעלונגען און מאָטיוון האָבן זיך

אָפּגעשלאָגן אָן די ברעגן פון די שטרענג-רעליגיעזע געזעצן און לעבנס-מנהגים און ערגיץ צווישן די טויטע אותיות פון הייליקן ספרים זייער קבורה באַקומען. און גאַנצע דורות האָט די תלמיד-חכמשע יוגנט געלעבט—ווי ח. נ. ביאַליק שילדערט אין זיין „מתמיד"—„אין אַ לעבן, וואָס איז שוין לאַנג בטל", פיל נשמות זענען „פאַרלאָרן געגאַנגען אין לעבן אומזיסט", זייער נשמה איז פאַרמאַטערט גע־וואָרן און איז „איינגעשלאָפן, פאַרהונגערט, באַטריבט פון דורשט און פון לוסט, וואָס איז קיינמאָל ניט באַפרידיקט" געוואָרן. און ווען דאָס לעבן האָט גערופן „מיט הונדערטער טויזנדער שטימען", און איינציקע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די ווענט, וואָס זענע־„פאַרהילט און פאַרוויקלט אין שאָטנס און דונקל", האָבן זיי אַרום־געבלאָנדזשעט אַרום דער גרויסער וועלט און האָבן קיין פּאַסנדיק אָרט זיך אין לעבן ניט געפונען. פול מיט ווייטאָגדיקער בענקשאַפט און ליידנשאַפטלעכער אומצופרידנקייט האָבן זיי אַלץ געזוכט אַן אָרט אין דער וועלט. מיט גרויס נייגיריקייט און ליבשאַפט, מיט באַגייסטערונג און פאַרגעטערונג האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף דער פרעמדער קולטור און איינגעזאַפט אין זיך די נייע מאָטיוון און פּראָבלעמען. זיי האָבן אָבער ניט געפונען דעם סינטעז צווישן יידי־שעס און מענטשלעכעס, און פאַר זיי איז אויסגעוואַקסן אַ תהום פון פיינלעכע פראַגן, ווייטאָקדיקע פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט פאַרענטפערן. אין אַ פאַרפלאָנטערטער נעץ פון ווידערשפרוכן, פון באַגייסטערונג און פאַרצווייפלונג האָט זיך געפונען די יידישע בית-המדרש-אינטעליגענץ אין משך פון צענדליקער יאָרן, און אָט די מאָטיוון האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין דער ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער אינטעליגענץ. אָט די מאָטיוון זענען פאַרוועבט געוואָרן מיט פיל פּסיכישע, סוביעקטיווע און אינטימע מאָמענטן. מ. ז. פייערבערג, מ. י. בערדיטשעווסקי, י בערשאַסקי, י. ח. ברענער, א. נ. גנעסין, ג. שאָפּמאַן אין דער העב־רעישער ליטעראַטור, ה. ד. נאָמבערג, ז. י. אנכי, ל. לעווין, ז. קאַפּלאַנאָוויטש—אין דער יידישער ליטעראַטור, זיי זענען עס די שריי־בער, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור די פּראָב־לעמען און טענדענצן, וואָס האָבן פאַרנומען די מוחות פון דער

יידישער אינטעליגענץ. די אַבסטראַקטע, ריין-געדאַנקלעכע פּראָבלעמען באַקומען אין דער דיכטערישער אויפפאַסונג אַ מער פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. און אַזוי ווי די אַרומיקע סאָציאַלע סביבה איז נאָך ניט דערוואַקסן געווען צו דיפערענצירטקייט, אַזוי ווי דער אינטעליגענט שטויסט זיך אָן אויף אויסערלעכע און אינערלעכע מניעות אין דער געגעבענער אַרומקייט, נעמען אָן זיינע רייסענישן און שטרעבונגען דאָס רוב אַ קרענקלעכן כאַראַקטער און זענען דער מקור פון אומצופרידנקייט און ניט באַפרידיקונג. אָט די געזונטע שטרעבונג אַרויסצורייסן זיך פון די ענגע ד׳ אמות אין דער ברייטער וועלט אַריין, איז אָפטמאָל און ממילא פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַגישער פּראָבלעם.

די העברעישע ליטעראַטור איז אין משך פון צענדליקער יאָרן אינגאַנצן געווען פאַרטון אין אָט דעם טראַגישן פלאָנטער פון יידישעס און מענטשלעכס.

אַנדערש איז געווען מיט דער יידישער ליטעראַטור.

אין די פריערדיקע צענדליקער יאָרן, ווען די יידישע ליטעראַטור איז דער עיקר געשאַפן געוואָרן צוליבן פאָלק, איז ד, ליטעראַטור געווען שטרענג פאַרשלאָסן אין די „פאָלקס"-גרענעצן און די גאַנצע גייסטרייכע וועלט און ליידנשאַפטלעכער פלאָנטער פונם יידישן אינטעליגענט האָט כמעט ווי אויסגעפעלט אין דער יידישער ליטעראַטור. די אינטעליגענטן-שרייבער, וועלכע האָבן אין דער העברעישער ליטעראַטור געלעבט אין דער אינטעלעקטועל-אַנטוויקלטער אַטמאָספער פון אידעען און פּראָבלעמען, ווען זיי זיינען געקומען צו יידיש האָבן זיי מיטגעבראַכט באַזונדערע מאָסן און באַגריפן, באַמיט זיך רעדן אין פּרימיטיווער קינדישער שפּראַך און זיך ספּעציעל צוגעפּאַסט צום „פּשוטן" המון.

ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען די יידישע ליטעראַטור הערט אויף צו זיין נאָר אַ מיטל צו בילדן די „פּינסטערע" מאַסן, ווען די יידישע ליטעראַטור וואַקסט אויס אין אַ ציל פאַר זיך, ערשט דאַן הויבט אָן דער אינטעליגענט אַריינצוטראָגן זיין אייגענע נשמה און וועלט אין יידיש. ביסלעכווייז טראָגט זיך אַריבער אין יידיש די גייסטיקע וועלט פונם יידישן יונגערמאַן און

ס'הויבן אָן צו באַווייזן זיך אין יידיש די טענדענצן און מאָטיוון פון דער גייסטיקער וועלט. אָט די מאָטיוון זיינען די ערשטע צייט אין דער יידישער ליטעראַטור ווי פרעמדע, ניט-זיכערע, זיי פילן זיך ניט איבעריק היימלעך אין דער יידישער ליטעראַרישער סביבה. די איינצעלנע קינסטלערישע פּרוּוון פון די אינטעלעקטועלע דיכ-טער געפינען נאָך ניט קיין איבעריק-גינסטן באָדן. עס איז נאָך ניט געווען די אָרגאַנישע צוגעבונדקייט פונם אַנטוויקעלטן לעזער צו יידיש, און פון אַלע זייטן האָט מען ניט אויפגעהערט אינם נאָמען פון דעם פשוטן לעזער מאָנען נאָר צוגענגלעכס, פאָלקס-טימלעכס, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום המון-געשמאַק.

די טיפע און קאַרדינאַלע ענדערונג אין דער יידישער לי-טעראַטור איז געקומען ערשט נאָכן 1905-טן יאָר, ווען גאַנץ-ברייטע שטראָמען פון אַרבעטער-דעמאָקראַטיע און דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ קומען צום יידיש, און די יידישע ליטעראַטור הויבט אָן צו באַדינען אַ פאַרברייטערטן לעזער-קרייז. די יידישע דעמאָקראַ-טישע אינטעליגענץ ווערט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַריינגעצויגן אינם גייסטיקן שעפערישן קרייז פון דער נייער מאָדערנער קולטור און בינדט צונויף איר ווייטערדיק אינטעלעקטועל לעבן מיטן יידישן קינסטלערישן שאַפן. די יידישע ליטעראַטור הויבט שוין אָן אָפּ-צושפיגלען ניט נאָר דאָס רעאַלע לעבן, גיט ניט נאָר לעבנס-שיל-דערונגען, נאָר אויך די אינטימע שטימונגען און סוביעקטיווע איבערלעבונגען פונם יידישן אינטעליגענט. עס הויבן זיך אָן ווייזן שאָטן-געשטאַלטן פונם אַוועקגייענדיקן עבר, ווי עס לעבט אויף אין דער דיכטערישער פאַנטאַזיע פונם יידישן אינטעליגענט, וואָס האָט געלעבט אין דער גייסטיקער סביבה פון דער אַלטער רבנישער אָדער חסידישער קולטור. און אַזוי ווי די פריערדיקע וועלט איז שוין אַן אַוועקגייענדיקע, אַ באַקעמפטע, הערן מיר אין די ווערק ניט דעם הילכיקן קלאַנג, נאָר אַ פאַרטויבטן אָפּקלאַנג.

אין דער נייער יידישער ליטעראַטור פאַרנעמען שוין די אינטע-ליגענטן-שרייבער אַ גאַנץ בכבודיקן אָרט און זיי פאַרמאָגן אַ גאַנצע רייע מערקווירדיקע ווערק. דער עיקר גאָוועלן און דראַמען.

דער יחוס-בריוו פון דעם מין אינטעלעקטועלער ליטעראַטור

ציט זיך פון פרצן. ער האָט דער ערשטער אַריינגעטראָטן מיט זיין גייסטרייכער נאַטור און ליידנשאַפטלעך־זוכנדיקער נשמה אין דער יידישער ליטעראַטור און מיט אַמאָל אַריינגעשיינט מיט פילפאַרבי־קע שטראַלן אין דעם ענגן אָרעמען ליטעראַרישן געצעלטל. פרצן איז אויסגעקומען אויסצושטיין פאָרוורפן פון פאַרשיידענע זייטן פאַר זיין צופיל אינטעליגענטישקייט, וואָס האָט ניט געשטימט מיט די באַדערפנישן פון מיטעלן יידישן לעזער. פיל יאָרן איז פרץ געווען כמעט דער איינציקער אינטעליגענטן־שרייבער, וואָס איז געווען געפירט פון די אינערלעכע גייסטיקע רופן, ניט רעכענענ־דיק זיך מיט דעם רוב פון יידישן לעזער־פובליקום. ער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרפירן פון די פלאַכע און פאַרפלאַכטע „פאָלקס"־מענטשן. ער האָט מיט אַן עקשנות זיך געריסן אַלץ העכער און העכער. נאָך פרצן קומען שוין נאָך שרייבער, וואָס טראָגן אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור זייער ירושה־אוצר, וואָס שטאַמט פון דער רבנישער קולטור, צונויפגעמישט מיט זייערע אייגענע שטימונגען. אַש (אין זיינע אייניקע דערציילונגען און אין זיין דראַמע „צוריקגעקומען"), ה. ד. נאָמבערג, ז. י. אנכי, ד. קאַסעל, ל. שאַפּירא, ידידיה מאַרגולית, א. ווייטער, און אויך אייניקע יונגע העברעישע שרייבער, וואָס האָבן איינצייטיק געשריבן אויך אין יידיש, ווי ז. שניאור, יעקב שטיינבערג.

די אינטעליגענטן ־ ליטעראַטור אין יידיש האָט זיך ווייניקער אָפּגעשיידט פון דער העברעישער, ווי די פאָלקס־ליטעראַטור. די ווערק פון די אינטעליגענטן ־ שרייבער האָבן מער באַרירונג ־ פונקטן מיט דער העברעישער ליטעראַטור. דערהויפּט אין די יאָרן פון דער רוסלענדישער רעאַקציע נאָך 1906־טן יאָר, ווען די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע זענען אָפּגעגאַנגען און אין דער יידישער וועלט האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג, אַן אַלגעמיינע מידקייט און אַפּאַטיע צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אַ מידער און דערשלאָ־ האָט זיך דאַן דער אינטעליגענטן ־ שרייבער פאַרקליבן ערגיץ ווו אין אַן איינזאַמען צימער, אין אַ פאַרפרעמדטער גרויסער שטאָט, און גענומען דערציילן וועגן זיין פאַרביטערטער, פאַראיינזאַמטער נשמה. אין אָט די ערשטע עטלעכע יאָר פון דער רעאַקציע איז

ביי אונז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור וועגן די אומבאַהאָלפענע, פאַרצווייפלטע יונגע-לייט, וואָס זענען אין די שווערע יאָרן פון געזעלשאַפטלעכער אַפּאַטיע געבליבן „צווישן הימל און ערד", אַרויסגעשטויסן פון דעם לעבנס-גאַנג.

„צווישן הימל און ערד"—אַזוי רופט אָן אנכי אַ באַנד דערציילונגען וועגן זיינע „יונגע-לייט". עס איז איין לאַנגע מעשה, איבערגעחזרט אין פאַרשידענע נסחאות וועגן דעם יונגערמאַן, וואָס געפינט זיך קיין אָרט ניט אין לעבן, דרייט זיך ארום אַן איבעריקער אָן אַ שום באָדן, אָפּגעריסן פון דער רעליגיעזער היים, אָן אַ שום משפחה-סביבה, פאַרוואָרפן אין אַן אומהיימלעכן בחורשן צימער, אין חלל פון אָפּהענטיקייט און הילפלאָזיקייט.

אין יידישן לעבן הויבט זיך ערשט אָן צו שאַפן די מאַטעריעלע און גייסטיקע אַטמאָספער פאַר מאָדערנע קולטור-מענטשן, און דער פאַסיווער אינטעליגענט איז אַליין ניט בכח געווען אַקטיוו צו שאַפן די נויטיקע סביבה. האָט ער אַרומגעבלאָנקעט אין שווערן אומעט. „איינזאַם, איינזאַם האָט ער געלעבט ביז איצט—זאָגט אנכי וועגן איינעם פון זיינע טיפּן—און איינזאַם, איינזאַם שטייט אים פאָר צו לעבן אויך אויף ווייטער". אָפּגעריסן פון דעם רעאַלן לעבן, זענען זיי פאַרבליבן הענגען אין דער לופטן, אין דער אַבסטראַקטער מאַכטלאָזער וועלט. גרינשטיין, איינער פון אנכיס אויסגעמאַטערטע יונגע לייט, דערציילט וועגן זיך, אַז ער האָט אַמאָל געטראַכט, „אַז ער איז אַ גרויסער, גרויסער מענטש, וועלכער דאַרף מציל זיין יידן פון זייער אומגליקלעכן לעבן אויף דער וועלט"... דערנאָך האָט ער געמיינט, „אַז ער איז נאָך אַ לאַסאַל אויף דער וועלט" און צום סוף, אַז דאָס איז ניט מקוים געוואָרן, ערגערט אים שטענדיק די מחשבה, אַז „אַנדערע מענטשן דאַרפן זיין און אַנדערש דאַרפן מענטשן לעבן".

אויך נאָמבערגס מענטשן שטאַמען פון דער גייסטיקער יידישער וועלט און אין אָט דער אַבסטראַקטער גייסטיקער וועלט זיינען זיי פאַרבליבן. זעלטן קומען זיי אין פאַרבינדונג מיט די רעאַלע כחות-פאַרהעלטנישן. פאַרשלאָסן אין זיך, פאַרבלייבן זיי אין זייערע איבערשטיבלעך און אין פאַרגליווערטער רויקייט און אַלצ

איינס וועבן זיי זייער אייגענעם נשמה־געוועב. פליגלמאַן און בינ־דער האָבן דורכגעמאַכט אַ גרויסן מהלך פון זייער אַלטער היים און הינטער זיי ליגט אַ פאַרגאַנגען גייסטיק לעבן, וואָס איז געווען פול מיט רייסעניש צו ליכט און וועלט, אָבער זיי זיינען שוין אַנטוישט און ניט באַפרידיקט, האַלטן זיי אין איין גריבלען זיך אינם מהות פון זייער אייגענעם וועזן. צעריסן אינגאַנצן מיט דער אַלטער קולטור, אַנטוישט אין וואָסערע ס'איז אידעאַלן, שפּאַנען זיי אַרום אינם אַלגעמיינעם לעבנס־טומל איינזאַמע און ניט אָנערקענטע.

פול מיט תביעות און תרעומות האָט געלעבט דער ייִדישער אינטעליגענט אין דער גלייכגילטיקער אַרומיקער סביבה, באַפליגלט מיט געוואַלדיקע טרוימען און נידערגעשלאָגן פון דער טאָג־טעג־לעכערווירקלעכקייט. גייט ער אַרום מיט אַ פאַרווייטאָגט האַרץ און געפינט ניט קיין ווערטער אויסצודריקן זיין אינערלעכן צער. רפאל אין ידידיה מרגוליתעס אַ דראַמע „שיר היחוד" רופט אויס: „איך האָב קיינמאָל גאָרניט אָנגעשריבן און איך וועל קיינמאָל גאָרניט אָנשרייבן!... מיט מיינע טעמעס איז פונקט, ווי מיט מיינע ליבעס. אין דער ערשטער מינוט צינדט זיך אין מיר אָן אַ פייער, וואָס וואָלט, דוכט זיך, פעלזן דורכגעברענט, אין דער צווייטער מינוט לעב איך איבער אַלע העלישע פייערן פון צעשיידונג און אין דער דריטער גליט דער אַש אין מיין נשמה"... און אָט דער רפאל פרוווט פאָרלעזן זיינע אַ זאַך און זאָגט פאָרויס, אַז עס „זיינען בלויז שטריכן פון אַ טעמע... נאָר אָפּגעריסענע, איינצלנע טענער... „שיר היחוד", אַ געזאַנג פון ייִדישן וועזן אין דער וועלט געשיכטע, אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער, דער תמצית פון דעם ייִדישן „ייִד", זיין געפיל, וואָס דרינגט דורך אַלע אברים, אַלע מעשים, אַלע מחשבות פון דעם ייִדן... איך בין דער יעניקער, וואָס לעבט מיט דער ערינערונג, מיט דעם נעכטיקן טאָג"...

אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער ווערט אַריינגעצויגן דער ייִדישער אינטעליגענט מיט זיין אינערלעכער וועלט, מיט זיין כאַאָס און האַרמאָניע אין דעם ייִדישן שאַפן. און די ייִדישע ליטעראַטור ציט אַריין אין זיך די ליכט און שאָטן, טרוימען און ווירקלעכקייט, האָפנונגען און אַנטוישונגען פון ייִדישן אינטעליגענט און ווערט

רייכער, פילפּאַרביקער און ראַפינירטער.

די ערשטע יאָרן האָט זיך דאָס שאַפן פון די אינטעליגענטן־שרייבער שטאַרק אונטערשיידט פון דעם שאַפן פון די פאָלקס־שרייבער, הן מיטן אינהאַלט און הן לויט דער פאָרם. שטאַמענדיק פון אַ גאַנץ באַזונדערער סביבה, ציענדיק יניקה פון פאַרשיידענע קולטור און גייסט־קוואַלן, האָבן זיי געשאַפן גאַנץ אייגנאַרטיקע קונסט־ווערק. אין דער צייט, וואָס דער פאָלקס־שרייבער האָט געגעבן בילדער פון דאָס רעאַלע לעבן, פון די סאָציאַלע אומשטענדן און קלאַסן־באַציונגען, האָט דער אינטעליגענט־שרייבער געלעבט אין אַ אידעען און פסיכישער וועלט. די ערשטע רעאַגירן דורכאויס אויף סאָציאַלער אומרעכט, די לעצטע ליידן פון וועלט פּראָבלעמען, די ערשטע זיינען שטענדיק רעאַליסטישן, שילדערן מער אָדער ווייניקער אָביעקטיוו דאָס אַרומיקע לעבן; די לעצטע זיינען מער סוביעקטיוו, גיבן מער אייגענע, אינדיווידועלע שטריכן. די ערשטע גייען האַרט ביי דער ערד, די צווייטע שוועבן אין הימל.

די לעצטע יאָרן האָט זיך אין יידישן לעבן און אין יידישן שאַפן אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון דעם אָרגאַנישן צוזאַמענלעבן פון דער אינטעליגענץ מיט די פאָלקס־מאַסן. דער אינטעליגענט ווערט דורכגעדרינגען מיט די דעמאָקראַטישע אידעען, זאַפּט איין אין זיך דעם סטיל און קאָלאָריט פון פאָלקס־שאַפן און עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן דער סינטעז פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. די פאָלקס־מאַסן הויבן אָן געניסן פון דער וועלטלעכער קולטור. דאָס לעבן באַקומט אַלץ מער אַ וועלטלעכ אויסזען, קומט אין אַן אייגער באַרירונג מיט דער אויסערלעכע־וועלט און עס ווערט צוגעגרייט דער נאַטירלעכער באָדן פאַר אַ געזונט און פאַרגאַנצט שאַפן. מצד פון די פאָלקס־מאַסן גופא ווערן אַרויסגעשטעלט צו זיך און צו די יעניקע, וואָס פאַרמאָגן אַן אָרגאַנישע און אידעישע שייכות צום פאָלק, אַלץ גרעסערע קולטור־פאָדערונגען. עס קומען אויף עקאָנאָמישע, פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיווע, פּעדאַגאָגישע, קולטורעלע און ליטעראַרישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן דעם צוועק און די אויפגאַבע צו באַדינען ד

פאָלקס-מאַסן און צו באפרידיקן זייערע לייבלעכע אינטערעסן. אין
אָט די אַלע אַנשטאַלטן זענען באַשעפטיקט אינטעליגענטן, וואָס
זענען אַרויסגעוואָקסן פון די אַרבעטער-מאַסן און אַרומגעוואָקסן
מיט אַרבעטער-מאַסן און ווערן אַדורכגעדרונגען מיט דער מאַסן-
פסיכאָלאָגיע. אויך די אינטעליגענץ, וואָס קומט פון מער-פאַרמעג-
לעכע און פריווילעגירטע קרייזן, איז פארכאפט מיט די דעמאָקראַ-
טישע אידעען און פאַרבונדט אינגאַנצן איר גורל מיטן פאָלקס-לעבן,
פאָלקס-אינטערעסן און פאָלקס-שאַפן. און די אינטעליגענץ האָט
אַזוי אַרום מיטגעהאָלפן און פאַרגיכערט דעם פראָצעס פון פאַר-
וועלטלעכן דעם יידישן לעבן און מיטגעהאָלפן צו שאַפן די מאָ-
דערנע יידישע מאַסן-קולטור אין אַלע אירע פאָרמען און אויף אַלע
אירע געביטן.

און אַזוי אַרום איז אויך די ליטעראַטור געוואָרן שוין אַ מוז-
זאַך, אַ מקור פאַר אַ שענעם און דערהויבענעם לעבן, אַן אייגענע
פאַרהייליקטע סביבה אויך פון דעם אַנטוויקלטן, אינטעליגענטן
מענטש, און דאָס גאַנצע חיות און נשמה ווערט אַהין אַריינגעטראָגן.
און אַזוי ווי דאָס לעבן פון די פאָלקס-מאַסן אַנטוויקלט זיך און
נעמט אָן אַלץ מער קולטורעלע, אנטוויקעלטערע פאָרמען, ווערט
פאַרלאָרן דער תהום צווישן דעם אינטעליגענט און די מאַסן, און
עס שאַפט זיך אַ מער אַלגעמיין, איינהייטלעך לעבן.

וואָס ווייטער אַלץ נענטער ווערט דער פאָלקס-שרייבער צו
דעם אינטעליגענטן-שרייבער און דער אונטערשייד צווישן זיי ווערט
אַלץ קלענער. זיי ביידע טרינקען שוין פון איין קוואַל, זיי ביידע וואַקסן
שוין אויף דער יידישער מאָדערנער מאַסן-קולטור, וואָס שאַפט זיך
אין לעבן און וואָס שאַפט דאָס לעבן.

1921

# חיים נחמן ביאַליק

## I



יים נחמן ביאַליק איז דער באַרימטסטער יידישער דיכטער פון דער לעצטער צייט. ער איז אומגע־הויער פּאָפּולער אין פאַרשיידענע עקן וועלט, שטאַרק באַליבט צווישן די פאַרשיידנסטע שיכטן פונם יידישן פאָלק. ער איז אויך באַקאַנט ביי אַנדערע פעלקער: ער איז איבערגעזעצט אין רוסיש, דייטש, פראַנ. צויזיש, ענגליש, איטאַליעניש, שפּאַניש, פּויליש, אוקראַיניש א. אַ. וו. וועגן ח. נ. ביאַליק עקזיסטירט שוין אַ היפשע ליטעראַטור אין פאַרשיידענע שפּראַכן, איבערהויפּט אין העברעיש און יידיש.

ביאַליקס נאָמען איז ביי אונז שוין פון לאַנג פאַרהערלעכט; שוין צענדליקער יאָרן, — און דער עיקר פון 1906, פון זיין „משא נמירוב" און „אין שחיטה־שטאָט" — ווי ער איז פאַררעכנט ביי אונז פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַלן פּאָעט. יעדע דיכטערישע אַרויסטרעטונג זיינע אין העברעיש און אין יידיש איז נישט נאָר אַ ליטעראַרישע, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלע געשעעניש.

עס איז שווער דערווייל צו קומען מיט אַן אָביעקטיווער־קאַלטער אָפּשאַצונג וועגן ח. נ. ביאַליק, עס איז שווער צו פרעגן און צו זאָגן גלייך, וואָס איז ח. נ. ביאַליק.

ח. נ. ביאַליק איז מיט זיין שאַפן אָרגאַניש צונויפגעוואקסן מיט די תקופות פון די לעצטע דרייסיק יאָר, ער האָט זיי דיכטע־ריש אויפגענומען און פאַרקערפּערט זיי אין זיינע מערקווירדיקע לידער, און עס איז דעריבער שווער אָפּצוטיילן אין אונזער גע־דאַנק ביאַליקן דעם דיכטער פון די לעבנס־געשעענישן, ווי זיי זענען זיך צונויפגעוואקסן אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן אין אונזע פון שטעלן, געבן אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג וועגן ביאַ־

ליקן וועט שוין קאָנען אינגאַנצן אַ נייער, וואָס וועט זיין ביכולת צוגיין צו ביאַליקס שאַפן גלייך, אָן דער אַרומיקער צוגעוואקסענער צו אים באַגייסטערונג, פאַרהערלעכערונג. ער וועט קאָנען אויפנע־מען ביאַליקס דיכטונג גופא, שוין אָן דער מיטווירקונג פון די גריזאַמע געשעענישן בשעתם.

אין דעם גרעסטן, וויכטיקסטן טייל פון זיינע לידער האָט ח. נ. ביאַליק אויסגעמיטן די סוביעקטיווע, פערזענלעכע מאָטיוון. ער איז דער כלל־דיכטער, לעבט אַדורך און פאַסט אויף געזעלשאַפטלעך דאָס אַרומיקע לעבן און דאָס רוב אויך זיי־נע אייגענע, אינדיווידועלע איבערלעבונגען. ער האָט געזען, גע־פילט און רעאַגירט דער עיקר אויף דאָס כללישע, נאַציאָנאַלע, און דאָס אייגענע, אינטימע לעבן האָט ער אָפּגערוקט אָן אַ זייט, פאַרבאַהאַלטן פון זיין דיכטעריש אויג. ביאַליקס שאַפן רעדט דעריבער מער צום נאַציאָנאַלן געפיל און וויניקער צום פערזענלעכן. ווי סוביעקטיוו ס׳איז נישט ביאַליקס שאַפן, איז ער מער צום האַרצן די נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטלעכע אים פולסן אין אונז. און זעענט איר אָפּגערוקט פון געזעלשאַפטלעכקייט זוכט איר ריין סוביעקטיווע איבערלעבונגען, ריין־אינטימע מאָטיוון, וועט איר ביאַליקן דאַן אין האַנט נישט נעמען. און אויך זיינע איינצעלנע לידער, וואָס שטאַמען פון אמת־לירישע, עלעגישע שטי־מונגען, זענען דורך אים אַבסטראַגירט, כאַרגעזעלשאַפטלעכט. ביי יע־דער געלעגנהייט האָט ער געפילט די אחריות פאַר דעם קיום פון פאָלק, געטראָגן דעם עול פון דער יידישער געשיכטע און שטענ־דיק געוויטיקט מיט די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע פראָבלעמען. און זיין גאַנצער פּאַטאָס, אויפרעגונג, האַס און באַגייסטערונג איז שטענדיק געריכטעט געווען אַלץ אין דער זייט.

זיין ערשטער העברעיִשער מאמר „לרעיון הישוב“ (אָפּגע־דרוקט אין „המליץ“, תרנ״א 1891) איז געווידמעט דער פראַגע פון ישוב־ארץ־ישראל, זיין ערשט ליד „אל הצפור“ („פרדס“ I תרנ״ב—1892) איז אַדורכגעדרינגען מיט חבת־ציון־טרוימען. ער רייסט זיך דאָרט צו ארץ ישראל און לעבט נאָר מיט דער בענקשאַפט און לעכצן נאָך איר. אין איינעם פון זיינע ערשטע לידער האָט ער

נאָך געשטעלט די פראַגע: „מי יהיה הכנור לשיר שירותינו?" אָבער דער ענטפער איז שוין געווען ביי אים: דער חבת-ציון-געדאַנק, דערנאָך ציוניזם, נאַציאָנאַלע אויפוואַכונג און אויפלעבונג האָבן אים באַהערשט אויף שטענדיק און אויף אַלע מאָל. ער איז געוואָרן דער אויסדריקער פון נאַציאָנאַלן גייסט, פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ און פון דעם שוין נישט אָפּגעטראָטן, אויסגעהאַלטן, אויסגערעכנט האָט ער געדינט נאָר און בלויז דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און מיט דער צייט געוואָרן אַ נאַציאָנאַליסטישער קנאי.

יעדעס ליד האָט ער געצילט אין אַ באַשטימטן פּונקט, יעדע דיכטערישע אַרויסטרעטונג האָט שטענדיק געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכן הינטערגרונד און איז געווען דער דיכטערישער מאַניפעסט פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין אירע פריידן און ליידן.

און ווי אין זיין דיכטונג, אַזוי אויך אין זיינע אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן איז ער געפירט געווען דורך אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע טענדענצן. איינצייטיק און אפשר נאָך פריער פון פּרצן האָט ביאַליק זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם יידישן פאָלקס-שאַפן, מיט דער יידישער פאָלקס-מעשה און פאָלקס-לעגענדע. פּרץ איז גלייך אַריינגעצויגן געוואָרן מיט לייב און לעבן אין דעם שאַפן, האָט גלייך אויפגעפלאַקערט, באַצויבערט געוואָרן פון איר סטיל און קאָלאָריט, געוואָרן דער מ י ט ש אַ פ ע ר און שאַפער פון דער פאָלקס-מעשה און אויף אַ נייעם מאָדערנעם שטייגער זי איבערגעדיכטעט. ביאַליק האָט אויפגענומען דער עיקר דעם היסטאָרישן קולטור-ווערט און די עטישע באַדייטונג פון דער יידישער אגדה און געוואָרן דער ז אַ מ ל ע ר פון די געשריבענע, פאַרהאַרטעוועטע יידישע אגדות פון די אַלטע און עלטערע צייטן. פּרץ איז דורך די פאָלקסטימלעכע געשיכטן ווי פון ס'ניי אויפגעלעבט, און וואָס ווייטער אַלץ מער און מער צוגעגעבן זיי פון אייגענעם גייסט און געמיט, ביאַליק — אַלץ מער זיך און זיין ווערן דערווייטערט און אַלץ מער געגראָבן און אויסגעגראָבן געשיכטלעכע דענקמעלער, פאַרקילטע און שוין פון לאַנג פאַרענדיקטע לעגענדעס.

ביאַליקס לידער-אוצר איז נישט גרויס, אָבער יעדעס ליד, יעדע פּאָעמע איז קלאַסיש, הן לויט דער פאָרם, הן לויט דעם

אינהאַלט. די העברעיִשע דיכטונג האָט דורך אים איר שוואַנען־ליד אָפּגעזונגען. מען קאָן נאָך ביאַליקן אין דער העברעישער דיכטונג כמעט גאָרנישט ניט מחדש זיין. גרויס איז אויך ביאַליקס ווירקונג אויף דער יידישער דיכטונג. ער האָט דער ערשטער אַריינגעבראַכט דעם ביב־לישן טאָן, דאָס וואָגיק וואָרט, דעם נביאישן פּאַטאָס, ער האָט אַריינ־געטריפט חיות אין דעם יידישן בלוטאָרעמען ליד, צוגעגעבן עס ליכט, פרישקייט און קראַפט.

ביאַליק איז קאַנאָניזירט, ער איז געוואָרן אַ וויכטיקער קול־טור־אוצר אין אונזער לעבן. און ביי היינטיקן טאָג איז ביאַליק אַליין שוין אַ וויכטיקע פּראָבלעם אין אונזער מאָדערנעם לעבן און שאַפן. אַ פּראָבלעם, וואָס דערוועקט אָן אַ שיער געדאַנקען, גע־פילן, ספקות און השערות.

## II



ישט גלייך איז ביאַליק געקומען צו זיך, צו זיין פּאָעטישער וועלט. ער איז דורכגעגאַנגען אַ שטיק וועג, ביז ער האָט זיך מיט זיך געטראָפן.

ביאַליק איז נישט דער פּאָעט דער ליריקער, וואָס די שירים ביי אים זענען דער טאָג־בוך, דער גלייכער אָפּקלאַנג פון לעבן. ביאַליק איז אויך נישט דער קינסטלער, וואָס לעבט שטענדיק אין שאַפן, אין הכנות צום שאַפן און ווייסט נישט קיין באַזונדער לעבן אויסער דעם שאַפן. ביאַליקס פּערזענלעך לעבן איז נישט פאַרבונדן אינגאַנצן מיטן שרייבן. זיין שאַפן איז נישט דער גאַנצער ביאַליק, דער אָנהויב און סוף פון אים. הגם זיין שאַפן איז גייסט פון זיין גייסט און לייב פון זיין לייב, אָבער עס איז נאָר אַ שטיק פון זיין „איך", אַ טייל פונם גאַנצן אין אים, אַ וועלטעלע פון אַ גאַנצערער וועלט. פריער לעבט ביאַליק אַליין און דאָס שאַפן איז אַ שמאָל וועגל ביי זיין ברייטן וועג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען שוין די שירים געדיכטע שאָטנס פון די געשטאַלטן, וואָס האָבן געלעבט אין ביאַליקן, אָבער אין די ערשטע יאָר שטאַמען ביי אים די

שירים דער עיקר פון אויסן, פון דער זייט, ווען ער און זיין אינערלעכע וועלט זענען נאָך נישט אויסגעוואַקסן אין זייער גאַנצער הויך. אין די ערשטע יאָרן האָבן אים פאַרנומען טעמען, וואָס זענען אויסגעוואָקסן נישט אין אים, נאָר אָן אַ זייט, ער און זיין אייגענס, דאָס ביאַליקישע, איז נאָך דאָרט נישטאָ.

די מאָטיוון און שטימונגען פון ביאַליקס ערשטע דיכטערישע יאָרן זענען אָנגעווייט פון דער זייט, פון דער העברעיש-חבת-ציונידיקער וועלט. די אַלגעמיינע טענדענצן פון מאַכטלאָזיקייט, אָפּהענטיקייט און געדריקטע האָפנונג-שטרעבונגען, וואָס האָבן אָנגעפולט די הערצער פון די דערשלאָגענע בית-המדרש יונגע-לייט צוריק מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר, זענען געווען דער שטאָף פאַר זיינע ערשטע לידער. פון איין זייט—באַוואוסטזיניקער בטול פונם פאָלקס-לעבן, און פון דער צווייטער—נאַאיוו-משכּילישע פאַרגעטערונג פון ארץ-ישראל און קרענקלעך בענקען נאָך ציון. די שאַרפע פיילן פון די ערשטע משכּילים זענען שוין געווען פאַרטעמפּט, און דעם יידישן געדאַנק האָט פאַרנומען קליינלעכער סקעפּטיציזם און פאַרבלאָזטע שטרעבונגען. י. ל. גאָרדאָן און ש. פרוג—דער פרעדיקער פון מאַכטלאָזן סקעפּטיציזם און דער זינגער פון ראָז-פאַרביקע האָפנונגען — זיי ביידע זענען אין אַ געוויסער מאָס ביאַליקס ליטעראַרישע פאָרקומער. און ווי פאַרשיידן עס איז נישט זיין נאַטור און פּסיכיק פון זייערע, האָט ער צוערשט געצויגן וויי-טער די פעדים, וואָס זיי האָבן אין זייערע הענט געהאַלטן. די געדאַנקען און מאָטיוון פון זיי ביידן האָבן אין דער ערשטער צייט אים פאַרנומען.

דאָס מזל האָט אַזוי געפירט, אַז אינם סאַמע אָנהייב פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט איז ביאַליק אַריינגעפאַלן אין אָדעס, אין דער סביבה פון בני-משה מיט אחד-העם און מ. ל. ליליענבלום אין דער שפּיץ. לעבעדיקע פאָלקס-אוצרות האָט מען באַוואוסטזיניק דערווייטערט, יניקה האָט מען געצויגן פון אַבסטראַקטע אידעען און ווייטן רוח-היהדות, און האָפענונגען - שטרעבונגען האָט מען געלעגט אויף דער ווייטער צוקונפט. פון פאָלקס-מעשים און פאָלקס-לעבן האָבן ערשט דאַן שפּראָצונגען זיך באַוויזן, און דאָס

בינטל אָדעסער אינטעליגענץ האָט עס נישט באַמערקט און נישט געוואָלט באַמערקן. מיט גרויס בטול האָט מען געקוקט אויף איי־ גענעם לעבן און מיט יראת־הכבוד אויף דער אויסערער קולטור. פאַר די אויגן איז אָן אויפהער געשטאַנען די פראַגע וועגן ווי־ טערדיקער עקזיסטענץ פונם פאָלק. דער קוק אויף דאָס יידישע לעבן איז אינגאַנצן געווען דיקטירט דורך דער אינערלעכער און אויסערלעכער רעאַקציע, וואָס האָט אין די קרייזן געפירט צו נעגאַטיווע באַציאונג און צו אָפלייקענען פיל אין לעבן. אחד־העמס אויפרוף „לא זו הדרך" איז געווען אייגנטלעך געווענדט נישט נאָר צום ארץ־ישראל־לעבן, ער איז געוואָרן דער לאָזונג בנוגע צו דער גאַנצער יידישער וועלט. און ביאַליק איז געוואָרן דער קינסטלע־ רישער אויסדריקער פון דער חבת־ציון־יידישקייט. אַזוי־אַרום האָט געמוזט אינגאַנצן פאַרשטעלט ווערן דער געוואַלדיק־שטראָמענדי־ קער קוואַל פון חיות און קראַפט, וואָס האָט געלעבט אין אים, און זיין גבורה און דורשט נאָך ליכט און לעבן האָבן זיך איינ־ געשרומפן אין די ד' אמות, וואו ס'האָט געהערשט פאַרצווייפלונג, אָפּהענטיקייט און דאָס קליין ביסל גלויבן אין ציון. קעגן זיין אייגענער נאַטור, איז ביאַליק געוואָרן דער שוואַרץ־זעער און סקעפּטיקער, אין דער צייט, וואָס אין אים האָט שוין געלעבט אַזוי פיל קראַפט, ליבע און אַנטציקונג.

אויף וויפיל די שטימונגען און מאָטיוון פון זיינע ערשטע דיכטערישע יאָרן שטימען כלל נישט מיט זיין נאַטור, מיט די רייכע פילפאַרביקע אוצרות, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין זיין שטורמיש האַרץ, דאָס זעען מיר ווייטער, ווען ביאַליקן איז געלונגען קומען צו זיך, און זיין אינערלעכע קראַפט האָט פאָרט קעגן די אויסגעאַרבעטע און שטרענג־געשטעלטע וועט־אָנשויאונ־ גען זיך אַרויסגעריסן אויף דער פרייער וועלט. אָבער די שולע, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין דער אדעסער סביבה, האָט אויף אים איר שטעמפל געלייגט, און אינגאַנצן זיך באַפרייען פון איר האָט ער שוין נישט געקאָנט.

„אל הצפור", „בשדה"—זיינע ערשטע שירים—זענען אויס־ דריקן פון דער חבת־ציון־שטימונג. גרינגער בטול פון דאָהיקן יידישן

לעבן און נאַאיוו-בענקענדע טרוימען נאָך דעם אמתן לעבן דאָרט. און דערצו קרענקלעכע רייסעניש צו ערד און ערד-אַרבעט. און ביאַליק, וואָס האָט ווי קיינער ביז אים אַזוי שטאַרק און פיל-פאַרביק נישט דורכגעפילט און אויפגענומען די אַרומיקע נאַטור, שטייט אין די ערשטע שירים אָבהענטיק און געדריקט, אָן גבורה און אָן לעבן ביי דער נאַטור.

„איך שטיי פאַר דעם פעלד פאַר דעם רייכן—זאָגט ביאַליק—דעם רוישנדיקן, פריילעכן, ברייטן און פיל ערשט איצט מיין אָרעמקייט, און ס'עגבערט אין קאָפּ דער געדאַנק—נישט איך האָב דאָס פעלד געאַקערט, נישט איך האָב מיט קערנער פאַרזייט עס, נישט איך וועל צונויפנעמען די פולע באַלאָדענע זאַנגען”.

אַזוי זעט ער די אַרומיקע נאַטור דורך דער פּריזמע פון חבת-ציון-וועלט-אַנשויאונג, אָבער באַלד האָט ער אַ טרייסט:

„און דאָך זענט איר מיר טייער, פעלדער, טויזנט מאָל טייער, ווייל איר דערמאָנט מיר אָן די ווייטע ברידער, וואָס אַר-בעטן אין לאַנד פון מיינע עלטערן, און אין דער רגע הויבן זיי אויף זייער קול פון שפּיץ-באַרג און פון טאָלן, און זיי ענטפערן מיר אויף מיין ברכה, וואָס כ'שיק זיי פון דאַנעט. („בשדה” תרנ”ד).

נישטאָ נאָך אין די שירים קיין פערזעלעכע מאָטיוון, וואָס שטאַמען פון אייגענע צופרידנהייט און אַנטציקונג. דאָס אייגענע איז אינגאַנצן אָפּגערוקט און פאַרשטיקט טיף אינווייניק. אין „אל הצפור” הערן מיר נאָך שטאַרקער אָט די קלאָגענישן פונם יידישן יונגער-מאַן, זיין טרוימערישע ציעניש נאָך ארץ-ישראל.

ער דערציילט פאַרן פויגעלע זיין שווער ביטער האַרץ: „נישט קיין געזאַנג וועסטו הערן פונם קאַלטן לאַנד, נאָר קלאָ-גערייי”. און ער רייסט זיך אַהין, אין טרוימערישן לאַנד. און ער רופט אויס: „ווער וועט מיר געבן פליגל, וועל איך פליען אין דעם לאַנד, וואו עס וואַקסן ראָזינקעס און מאַנדלען”.

דאָס איז שוין נישט דער ארץ-ישראל, וואָס האָט געלעבט אין נעבל פון פאָלקס-פאַנטאַזיע, ער איז שוין אַראָפּגעריסן פון זיין הייליקער מיסטישער הויך און איז געצויגן מער צו דער ערד. עס פעלט שוין די אַמאָליקע שענע קדושה, ווי עס האָט געריט

אין די מוחות פון חדר=קינדער. עס האָט אויך נישט די ברייטע האָריזאָנטן פון שפּעטערדיקן הערצל=ציוניזם.

„ברייִנגסטו מיר אַ גרוס פון פּרוכט פונם לאַנד,
פונם טאָל, פונם בערגל, פון די שפּיץ בערג?
האָט שוין גאָט זיך דערבאַרעמט אויף ציון,
אָדער זי איז נאָך פאַרוויסט און פאַרלאָזט אויף קברים?"

## III



ויסער די לידער פול בענקשאַפט און רייסעניש אַהין, צום לאַנד פון עלטערן, זענען אין די ער=שטע יאָרן פאַראַן ביי ביאַליקן שירים, וואָס דער=ציילן וועגן שוואַכן אומעט און מאַכטלאָזער אומ-באַהאָלפנקייט. „ווי גרויס איז, ווי גרויס איז דער אומעט אין דער ברייטער, פּוסטער וועלט" (*** — תרנ"ו) — רופט אויס ביאַליק און חזרט עס איבער אין פאַרשיידענע שירים. די שווע=רע שטימונג, אָן אַ שום שטראַל פון האָפנונג און טרייסט, וואָס האָט געהערשט אין דער סביבה, וואו ביאַליק איז אַריינגעפאַלן, האָט אים אינגאַנצן אָפּגעריסן און דערווייטערט פון זיין אייגענער וועלט, וואָס איז איינגעוואָרצלט געווען דורך געזונטע זאַפטיקע וואָרצלען פון שיינענדיקער ליכט און שעפערישער קראַפט. פון יענער פראַכטפולער וועלט איז פאַרבליבן אַ חלל, אָנגעפולט מיט מאַכטלאָזער פאַרצווייפלונג. פאַרוואונדערט בלייבן מיר, ווען מיר פאַרגלייכן די לידער פון די ערשטע צען יאָר מיט די שפּעטערדי=קע, פון וועלכע עס שפּריצט אַזוי פיל שיין און באַגייסטערטע אַנטציקונג. „פון געבוירן-אָן בין איך אין מיסט געוואָרפן, נישט אַרומגעוואַשן פון בלאָטע, בין אין שמאַטעס געוויקלט. אַן אויסגע=דאַרטע ברוסט האָט מיר מיין פאַרקלאָגטע מוטער אויסגעצויגן, פון איר האָב איך געזויגן דעם כוס מיט סם. פון דאַן-אָן האָט דער שלאַנג זיך פאַרקליבן אין מיין האַרץ, דער שלאַנג, וואָס פאַרסמט מיך און זויגט מיין קראַפט... אוי, וואוהין זאָל איך פון זיין צאָרן

אנטלויפן, אנטרינען? לעבן לעב איך נישט און אויך שטאַרבן איז מיר שווער" (הרהורי לילה, תרנ"ב).

מיר פילן אָבער, אַז די אַנגסטן און קלאָגענישן שטאַמען נישט פון אינערלעכן ווייטאָק, עס זיינען מאָטיוון גענומען פון אויסן. דער היפוך פון לירישע לידער, וואו פון אייגענע, פערזענלעכע איבערלעבונגען, פון אייגענם האַרץ שטראַלט אָפּ אויף אויסן, און די וועלט קומט-אַרויס באַפאַרבט מיט אַן אייגנאַרטיקן, סוביעקטיוון קאָלאָריט.

אין דעם זעלבן שיר קלאָגט זיך ביאַליק ווייטער: „איך קוק אויף דער ערד, קער זיך אַרויף, נישטאָ קיין זעעניש, נישטאָ קיין נבואה. אַלץ נאַכט און פינסטערניש. פון געבוירן-אָן האָט מיך גאָט באַשאַפן אַן אָרעמאַן, אַ קאַליקע, געגעבן מיר אַ שטעקן און געזאָגט: גיי, גיי זוך לופט פאַר דיין אָטעם, גנבע ליכט פאַר דיינע אויגן". אַזוי באַטריבן און דערשלאָגן רעדט וועגן לופט און ליכט ביאַליק, וואָס האָט שפּעטער פאַרבלענדט די אויגן מיט זיינע שטראַלנדיקע לידער. אין דעם שיר זענען שוין דאָ גלענצנדיקע שורות וועגן נאַטור, פערלדיקע אויסדריקן וועגן הימל און שטערן, אָבער דער פאַרצווייפלער אין ביאַליקן טרייבט-אָפּ די נאַטור, וואָס וויל אים פאַרשפּינען אין איר שפּינוועבס. „די שיינקייט פון הימלען, וואָס זענען פאַרשפּרייט איבער מיר און זיינען געפּינטלט מיט שטערנדלעך-פּינטלען, ווי פּערל; די ווייכקייט פון רויקע ווינטעלעך, וואָס שוועבן שטילערהייט מיט די פרידלעכע מלאָכים אויף דער ערד און דערציילן אין-דער-שטיל, מיט אַ קוש און מיט וואונק, צו די גרעזעלעך פון פעלד גאָטס סודי-סודות; אַ שטילער, רויקער שלאָף. אַ געזונטער און היילנדיקער—נישט פאַר מיר איז עס, נישט פאַר מיר. דעם קינד פון פאַרוועדעמדיקן מיסט!"

ביאַליק פאַרטיפט זיך דאַן נישט-איינמאָל אין זיין אייגענער נשמה און וויל אַנטפּלעקן דעם סוד פון זיין דיכטעריש וועזן. אָבער יעדעס מאָל ברענגט ער מיט זיך די אַנגסטן און ליידן, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין דער אַרומיקער סביבה. דעם אומעט און שווערקייט. וואָס זענען אייסגעוואָקסן אין זיין אידעען-אַטמאָספער, פירט ער אַריין אין אייגן האַרץ און באַקלאָגט זיך,

פּונקט, ווי זיי שטאַמען פון אייגענער, פּערזענלעכער מאַכטלאָזיקייט.

אין דעם ליד „שירתי“ פלייסט ער זיך צוגיין צום קוואַל פון זיין דיכטונג און ער קומט צו דער טרער און צום לידל פונם גריל. „ווייסטו פון וואַנעט איך האָב ערוואָרבן מיין שירה?“ פרעגט ער ביי זיך און ענטפערט: „ווען אויפן האַרצן איז געווען שווער און אַרום איז געווען פינסטער“, דאַן „האָט דער גריל געגרילצט פון די שפּאַרינס פון וואַנד. זיין שירה האָט נישט געצאָרנט, נישט געטרייסט און נישט געוויינט, אויך שעלטן האָט זי נישט געקאָנט, זי איז געווען אומעטיק, וויסט ווי דער טויט, ווי מיינע נאַרישע יאָרן, און טרויעריק אָן אַ סוף“ (שירתי).

אויף וויפיל אָט די מאַכטלאָזע מאָטיוון זענען נישט נאַטירלעך פאַר ביאַליקן און זענען אפילו פרעמד פאַר אים, דאָס זעען מיר שפּעטער, אין די שפּעטערדיקע שירים, וואו ער זוכט ווידער דעם מקור פון זיין שירה. דערווייל אָבער נעמט ביאַליק אָן דעם שווערן געמיט פאַר אייגענס און רעכנט, אַז דער שלאַנג, וואָס טריפט אַריין גיפט אין זיין האַרץ, איז אויסגעוואָקסן פון פּערזענלעכע ליידן. די לידער אָבער זענען צופיל אַבסטראַקטע, געדאַנק לידער. פאַראַן מליצה, פאַראַן דערקלערענישן, אָבער עס פעלט נאָך אין זיי דער לעבעדיקער האַרץ־געשריי, דאָס אוממיטלבאַרע אָפּשטויס־געפיל, ווען דער פּערזענלעכער ווילן שטויסט־זיך אָן דעםווירקלעכן לעבן. די שירים זענען נאָך נישט דער שפּעטערדיקער פּראָטעסט - אויפרוף, און ס'איז נישטאָ נאָך אין זיי ביאַליקס קראַפט און דאָס באַזונדערע באַפליגלטע ביאַליק־וואָרט. עס רעדט נאָך נישט אין זיי דער אויסדערוויילטער, גאָטס־געבענטשטער משורר. דאָ און דאָרט אין די שירים רוקט־זיך אַרויס פון אונטער די פאַרנעבלטע הימלען זיין זון און גיסט בלאַנקנדיקע רייכע שיין, אָבער עס פילט זיך דער שווערער וואָלקן, וואָס פרעסט די שיינענדיקע שטראַל־געפילן. ביאַליקס קראַפט איז נאָך אַריינגעטאָן אין יאָך, וואָס לאָזט אים נישט פאַנאַנדערשפּרייטן זיינע מעכטיקע פליגל.

אַ בלייענע, געדריקטע אומבאַהאָלפנקייט ליגט אַויסגעגאָסן

אויך אין דעם שיר „בתשובתי״. ביאַליק דערציילט וועגן זיין אומקערן זיך אַ היים. אַ שווערער טרויער הענגט אין לופט, עס איז שווער אָפּצואָטעמען. נישט פון זיין האַרץ שטראַלט אַראָפּ אַ שיין אויף די היימישע בילדער, און נישט די היים פרישט אים אָפּ. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, וואָס ער איז געווען אין דער פרעמד, האָט ער פון דאָרט גאָרנישט נישט מיטגעבראַכט זיין אַלטער היים, און אויך די היים איז פאַר אים נישט ליבער געוואָרן. ער זעט זיינע נאָענטע דורכן טונקעלן נעבל פון זיין מאַכטלאָזער פאַרצווייפלטקייט און ער געפינט נישט פאַר זיי קיין מילדע פאַרבן, קיין ווייכע ווערטער, נאָר קרעכצן און הספד=זיפצן. „און ווי אַמאָל זענען דאָרט אין מערב=ווינקל אָנגעצויגן שפּינוועבס=פעדעם פונם שפּין, פול מיט פאַרטריקנטע פליגן״. און ביאַליק פאַלט=צו צו דער טויט=אומעטיקער סביבה און רופט אויס אין אַ שווער געמיט: „נעמט מיך, ברידער, אין אייער חברה! אינאיינעם וועל׳ן מיר פויל׳ן, ביז מיר וועלן אינגאַנצן פאַרשמעקט ווערן״.

## IV



וי מיר האָבן געזען, זענען אַלע ביאַליקס לידער פון די ערשטע יאָרן אַבסטראַקטע און פּראָבלעם=לידער. אין די לידער קומט נישט דאָס לעבן גלייך, עס גייט דורך דורך אַ אידעען=וועלט, וואָס איז אויפגעפּאַסט אין אַ באַשטימטער אידעען=אַטמאָספער.

ווי האָט דאַן ביאַליק געקוקט אויפן יידישן לעבן, און ווי האָט עס אויסגעזען אין זיינע אויגן?

ערשט אין דער פּאָעמע „המתמיד״ (תרנ״ה) — די פּאָעמע און איינצייטיק אויך דער פּאַמפלעט פון דעמאָלטיקן יידישן בית=המדרש-לעבן — זעען מיר ביאַליקן, בשעת ער באַגעגנט זיך מיטן לעבן גופא. הגם ער שילדערט דער עיקר דעם בית=המדרש, אָבער מיר זעען דאָ די ליכט און שאָטן פונם גאַנצן יידישן לעבן. דער בית=המדרש, די יידישע וועלט, שטייט אָפּגערוקט אָן דער

ווײַט, הינטער אַלטע אײַנגעבויגענע ווענד, באַדעקט מיט פאַרשטויבטן שפּינוועבס. דער בית־המדרש איז פאַרזונקען אין שאָטן, פאַרלאָזט פון זײַנע קינדער. אײנציקע, לעצטע, פאַרבליבענע זיצן נאָר אין זײַנע טונקעלע ווינקלעך בײַ אַלטע, אָפּגעלעבטע ספרים מיט קלײַ־בע חלב־ליכטלעך.

„עס שטײען די ווענט דאָרט פאַרהילט און פאַרוויקלט אין שאָטנס, אין טונקל". ביאַליק אַלײן איז געווען אײַנגעהילט אין די שאָטנס, אין דעם טונק. פון בית־המדרש און שיער־שיער האָט ער דאָרט זײַן נשמה נישט באַגראָבן, און שיער־שיער איז ער אַלײן נישט געווען דער „מתמיד". ביאַליק שטײט פאַר דעם בית־המדרש און פאַר דעם טרעגער פון בית־המדרש-נשמה, פאַרן מתמיד, מיט אַ פאַרגאַפּט הארץ און דערשלאָגן געמיט. עס מישן זיך אויס אָט די געפילן בײַ אים. אָט באַדויערט ער די יאָרן, וואָס גײען פאַרלוירן בײַם מתמיד, וועלכער מאַטערט זיך מיט „אמר רבא" און ווײסט נישט פון וועלטן, שענקײט און לי־בע, אָבער באַלד שטײט אויף פאַר ביאַליקן דאָס אײביק יידיש פאָלק מיט זײַן סוד-הקיום, און ביאַליק קניט און בוקט זיך פאַרן מתמיד. ערטערווײז איז דער „מתמיד" ווי אַ ודוי אויפן אײגענעם לעבן, אַ שטיק סך־הכּל אויף אײגענע אַוועקגײענדיקע יאָרן: ער קומט מיט טענות און מאָנט בײַ עמיצן פאַר אַזוי פיל אומזיסטער ענערגיע און לעבן, און ערטערווײז זוכט ער די נשמה פון בית־המדרש, דערגרײכט צו איר און ווערט פאַרגאַפּט. „צי דאָ איז דער אָרט, וווּ עס שאַפט זיך דעם פאָלקס־נשמה? צי דאָ איז דער מקור פון איר בלוט, וואָס האָט אַרײַנגעטריפט אין אים אײביק לעבן?" — פרעגט ביאַליק און גראָבט זיך אין די טיפענישן פון בית־המדרש קוואַל און ווערט דערפרישט פון אים. און ווידער מישן זיך אַרײַן די באַדויערונגס־געפילן, ווידער גיסט ער אויס זײַן האַרץ אויף דעם יונגערמאַנס יאָרן, וואָס ווערן באַגראָבן אין בית־המדרש:

„און דאָס, וואָס ער שרײַט צו דיר
דאָס לעבן מיט הונדערטער־טויזנטער שטימען, —
האָסטו פון דעם אַלעמען אַזוי ווי אַ שטומער

און טויבער, אַ שאָרך נישט פאַרנומען:
און האָסטו יעדן קלענסטן פאַרלאַנג פון נשמה
מיט אייגענע הענט און דיין יונגט דערשטיקט:
און יעטווידע בלום, וואָס שפּראָצט דאָרט באַהאַלטן,
האָסטו אָן רחמנות צעריסן, צעפליקט,
ביז וואַן ס'איז דיין זעלע פאַרמאַטערט געוואָרן
און איז איינגעשלאָפן פאַרהונגערט, באַטריבט
פון דורשט און פון לוסט, וואָס איז קיינמאָל באַפרידיקט, —
ניט זי האָט — קיין צווייטער האָט זי ניט געליבט...
און די אויגן, די ליכטיקע אויגן, וואָס זענען
באַשאַפן געוואָרן צו זען די וועלט,
זיי זענען, קיין זאך נישט פאַרלאַנגענד, פאַרפינסטערט
און ווערן אין חשך פאַרהילט און פאַרשטעלט...
און לעבט אין אַ לעבן, וואָס איז שוין לאַנג בטל,
און קריכט ווי אַ שפּין אויף אַ וועג, וואָס איז וויסט".

אַזוי גייט ביאַליק איבער פון אַ באַדויערנדיקן טאָן צו אַ פאַרגאפּטן, און שווער צו זאָגן, וועלכער איז דאָ דער הערשנדי־קער. אין „המתמיד" הערט זיך שוין ביאַליקס האַרץ־קלאַפּן, און די ביידע געפילן, דער באַדויערנדיקער און פאַרגאַפּטער, שטאַמען שוין פון טיפקייט פון אייגענעם האַרץ. ביאַליק אַליין איז געווען אַ שטיק מתמיד, אים איבערגעוואָקסן, אים איבערגעוואָקסן אין יידישן לעבן און אים איבערגעוואָקסן אין זיך אַליין. אין סוף פון „המתמיד" רייסן זיך ביי אים אַרויס די וואונדערלעכע באַגלייט־ווערטער: „ווען איך דערמאָן זיך זייער קול, וואָס וויינט אין די נעכט, ווי די קרעכצן פון דערהרגעטע, טוט שרייען אין מיר מיין האַרץ: רבונו של עולם! די כחות, אויף וואָס גייען זיי פאַרלאָרן?" און ביאַליק גיט צו: „מיין מזל האָט נישט באַשערט, איך זאָל מיט אייך אינאיינעם פאַרלאָרן גיין!"

ביאַליק האָט גובר געווען דעם בית־המדרש. אָנשטאָט קלאַ־גען האָט ער אָנגעהויבן פאַרנעמען־אָפּקלאַנגען, אָנשטאָט בילד — דאָס אָפּבילד. דער רעאַלער בית־המדרש איז אַריבער אין פאַנטאַ־זיע, אין טרוים. ער קוקט אויף אים פון היסטאָרישער

ווייטקייט, זעט אים אין סינטעטישער פאָרשטעלונג.

אין אַ שפּעטערדיקן שיר „אם יש את נפשך לדעת" (תרנ"ח) גייט ער צו צום בית-המדרש מיט אַ נאָך קלערערער געשיכטלעכער אָפּשאַצונג: אויב דו ווילסט וויסן דעם קוואַל פון וואַנעט אונזערע ברידער האָבן געשעפּט שטאַרקייט און קראַפט, טרייסט און בטחון, אויב דו ווילסט זען די שויס, אויף וועלכער עס איז אויסגעגאָסן טרערן, האַרץ און נשמה פון דיין פאָלק, — גיי אינם אַלטן בית-המדרש, דאָרט אין די ווינקלען, הינטערן אויוון וואַרפן אַראָפּ זייער יאָך „פאַרהאָרעוועטע, פאַרחושכטע יידן" דורך אַ בלעטל גמרא, מאַכן פאַרגעסן זייער אָרעמקייט מיטן מדרש און פאַרשטילן זייערע דאגות דורך אַ קאַפּיטל תהילים,—און דאַן—„וועט דיר דיין האַרץ זאָגן, אַז דיין פוס האָט אָנגעטראָטן אויפן שוועל פון אונזער לעבנס-הויז און דיין אויג האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דעם אוצר פון אונזער נשמה".

און פון זינט אָן זיין פוס האָט אָנגעטראָטן אויפן שוועל פונם לעבנס-הויז, און זיין אויג האָט דערזען דעם אוצר פון זיין-און-אונזער נשמה, האָט ביאַליק אויפגעלעבט. ער ציט גבורה פון פאָלק-נשמה און דערפילט אויך זיין אייגענע נשמה. און עס הייבט זיך אָן ווי אַ נייער ביאַליק, אַ קרעפטיקער, און באַפליגלטער.

ער קומט מיט אַ נייעם שיר „רזי לילה" (תרנ"ט), וואו עס פלאַנטערן זיך שאָטן און ליכט, טונקעלער אומעט און ציטערדיקע פרייד. אין האַרץ לעבט נאָך דער פריערדיקער טרויער, אָבער פון עקן וועלט ציען זיך אין האַרץ מונטערע געפילן און פירן אין אַ נייער וועלט, אין דער אייגענער וועלט. עס וואַכט אויף אַן אַלטער וואונדער-חלום, עס לאָזן זיך הערן קלאַנגען און אָפּקלאַנגען פון אַ פרישן לעבן, וואָס גייט אויף אינם געדיכטן נעבל פון אייגענעם האַרץ. „און פלוצלינג איז מיין נשמה ענג געוואָרן צו לעבן אינם שאָטן פון מיין הויז, און ווי אַ קנעכט זוכט אַ שאָטן און אַן אָדלער אַ וואָלקן, אַזוי גייט אויס מיין נשמה נאָך שטערן".

און ביאַליק רופט אויס מיט פרייד:

„אין מיר האָט זיך אויפגעוועקט מיט זיין גאַנצער שטאַרקייט דער געפיל פון אַ דיכטער".

V



ער יונגערמאַן האָט געטראָגן אין זיין האַרץ די העלע זונען־שיין און אויך די פינצטערניש פון נאַכט און אירע סודות, אָבער דורשטן האָבן זיינע אויגן גע־דורשט נאָר נאָכן מאָרגנשטערן" (מגילת האש). ביאַ־ליק האָט געדורשט נאָך שיין, נאָך ליכט. יאָרנ־לאַנג איז געהאַנגען אויף אים די פינצטערניש פון נאַכט און גע־דריקט זיין געמיט, און פּלוצלינג האָט ער אויפגעוואַכט. די אויגן האָבן מיט פייער אַ שטראַל געטון, ער האָט פריי און ברייט אָפּגע־אָטעמט און אינגאַנצן אַ פרישער און נייער געוואָרן. עס רייסן זיך ביי אים אַרויס די מונטערע ווערטער:

„גאָט, עס האָט מיך פאַרפלייצט דאָס ליכט!"

„דאָס האַרץ צעגיסט זיך, גייט איבער די ברעגן און רייסט זיך אַרויס, ווי אַ קוואַל מיט קוועלנדיקע שיין און ליכט"

(צפרורים תר"ס).

ביאַליק דערגרייכט די העכערע שטופע פון זיין שאַפן, ער דערגרייכט צו זיך אַליין, דערגרייכט צו זיין איבערלעכער שעפערי־שער וועלט.

ביאַליק איז דער פּאָעט פון ליכטיקייט, פון ליכטיקייט, וואָס פאַרבלענדט די אויגן און צעגיסט שיין, פרייד און ציטערנדיקע גליק אין אַלע גלידער. ער באַהערשט די ליכטיקייט מיט געשמאַק־פולער זעטיקייט און דערגרייכט דערביי קרעפטיקע גאַנצקייט, זעטיק און איבערפליסנדיק גליק.

„גאַנצע וועלטן גייסט גיסט אין מיר אַריין
יעדער שטילער בלאָז, יעדער זונען־שטראַל;
מיט דעם פולן מויל טרינק איך לופט און שיין,
און אין האַרצן טיף עפנט זיך אַ קוואַל".

(אויף דעם הויכן בארג).

און דער קוואַל ווייזט זיך אַרויס אַזאַ טיפער און שטראָ־מענדיקער. אין די טיפענישן פון זיין קלאָרער שיינענדיקער נשמה געפינט זיך אַזוי פיל לוסטיקע קראַפט, אַזוי פיל ליבע, פשוט־האַרציקע ליבע צו זעטיקייט און פרייד, צו גבורה און טאַטן.

„ס'פליִיצט אין האַרצן אַ שטראָם פון לעבן, רייסט זיך
בעט זיך אַלץ אַרויס!"

דער שטראָם האָט זיך אַדורכגעריסן צו אונז אין זיינע „ווינטער־לידער". די יידישע פּאָעזיע האָט נאָך פון אַזאַ גבורה און אימפּעט נישט געוואוסט. קיינער ביז ביאַליקן האָט נאָך ביי אונז אַזוי שטייף און קרעפטיק נישט איבערגעגעבן אינערליכע געפילן.

„אַלץ איז הפקר! אוי די פורמאַן: טראָג מיך ווייט, געש־ווינדער, גיכער אין דער אומענדלעכער ווייטקייט, וואַרף מיין גייסט אין לעבנס־וויכער, טראָג מיך ווייט! וואוהין? נישט פרעג מיך. אַלצאיינס איז מיר! וואו נאָר עס גליט כאָטש אַ פונק פון פרייד און לעבן, און אַ טראָפּן בלוט עס זידט נאָר".

פאַרשכורט און פאַרכשופט איז ביאַליק פון פרייד און לעבנס־לוסט, ער וואַרגט זיך מיט דער איבערפליסנדיקער גבורה, ער האָט קיין כוח און קיין געדולד נישט איינצוהאַלטן אין זיך דעם שטראָם פון ליכט און פרייד, וואָס רייסט זיך פון אים. ווי דער טייך אין זיין שטאַרקסטן וואַסער־פאַל און שטראָמען־געמיש: מיר זעען דעם ברויזנדיקן וואַסער־קאָך, מיר זעען דעם שטראָ־מענדיקן אימפּעט און נישט דעם גרונט און אָפּגרונט. ביאַליק איז שוין דאָ אויסער די ראַמען פון זיין געזעצטער וועלט־אָנשויאונג און באַוואוסטזיניקער רויקייט. יעדע שורה אין די ווינטער־לידער וועקט און רופט, שפּריצט שיין און קראַפט און ווערט פאַרכלינעט מיטן אייגענעם אימפּעט און שפע. יעדער שיר לעבט מיט אייגענעם חיות, מיטן אייגענעם איינדרוק, עס קוקט נישט אַרויס פון דאָרט דער פאָרגעדאַנק, די נאַציאָנאַלע וועלט־אָנשויאונג, וואָס איז געווען דער הויפּט־עלעמענט אין די פריערדיקע לידער.

פון וואַנען איז אָנגעקומען אָט דער שטראָם פון ליכט און גבורה? זענען די געזונטע, שיינענדיקע לידער געבוירן און אויס־געוואַקסן נאָר פון אייגן האַרץ און שפּייזן זיך כלל נישט פונם אַרומיקן לעבן? קאָן מען געפינען דעם געזונטן, שעפּעריש־זאַפּ־טיקן באָדן, פון וואַנען ס'האָט זיך געשאַפן ביאַליקס האַרמאָניע פון ליכט און קראַפט?

געוויס איז דאָ אַ פאַרבינדונג צווישן דער רעאַלער סביבה

מיט דער שעפּערישער וועלט פונם דיכטער.

ניט ריכטיק איז, ווען מ'וויל אָפּקומען מיטן תירוץ, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ שעפּערישער סוד. עס איז דאָך אוממעגלעך אָפּטיילן דעם קינסטלערס אינערלעכע וועלט פון דער אַרומיקער און נישט צו באַמערקן די פעדים, וואָס ציען זיך פונם לעבן אין האַרץ פון דיכטער און געבן אים יניקה און שפע.

עס איז וויכטיק דערום צו וויסן, ווי האָט אויסגעזען דאַן דאָס יידיש לעבן אין ביאַליקס אויגן און ווי אַרום האָט עס געגעבן אים די קרעפטיק - מונטערע געפילן, וואָס ער האָט פאַרשטייפט און פאַרגאַנצט דערנאָך אין די לידער פון דער דאָזיקער צייט.

דער שטח, וואָס מ'האָט שטענדיק געפּלייסט פונאַנדערצושפּרייטן היטערן געשטאַלט פונם נאַציאָנאַלן משורר, איז געווען אַ טויטאומעטיקער און אַפּהענטיק - דערשלאָגענער. עס איז שוין אַזוי פאַרבליבן און פאַראייביקט געוואָרן ביאַליקס דיכטערישער פּרצוף אויפן טרוקענעם פּאַן פון „אכן חציר העם", „מתי מדבר", „אכן גם זה מוסר אלהים", „דאָס לעצטע וואָרט" א. א. וו.

איז דאָס יידישע לעבן אַזוי דעגענערירט, אַז עס קאָן אַרויסרופן נאָר שווערע אומבאַהאָלפנקייט, פאַרשאָלטענע פאַרגליווערטקייט, אָדער עס פאַרמאָגט אינערלעכן חיות און מונטערע קראַפט, זאַפטיקע שפע און געזונטע שפּראָצונגען, און ביאַליק האָט אַזוי אַרום אין זיינע מונטערע לידער פאַרגעזעצט דאָס, וואָס דאָס לעבן אַליין האָט געשאַפן? עס איז אַ פראַגע, וואָס עס איז שווער אויף איר צו ענטפערן.

ביאַליק איז אויך דאָ נישט רעאַליסטיש. ער אַבסטראַגירט די אַרומיקע סביבה, וואַרפט אַראָפּ די רעאַליסטישע קליידער און גיט נאָר דעם דיכטערישן אָפּגלאַנץ. נישטאָ דאָ קיין רעאַלע געשטאַלטן. די לידער זענען ריין-לירישע, לירישע אָן זייערע ערשטן רעאַלן גלגול, אָן זייער ווירקלעכן פאָרגעשטאַלט. די לידער קומען נישט גלייך פון לעבן, זיי קומען פון די איינדרוקן-איבערלעבונגען, ווי זיי זענען פיקסירט אין דיכטער, שוין אָפּגעטיילט פון דער ווירקלעכקייט. די שאַפונגס - אימפּולסן רייסן זיך פון זיין

אייגן וועזן אין שפיגלען - אָפּ די אינערלעכע האַרץ-מאָטיוון. עס איז דורכגעסטערילירטע שיינקייט, וואָס האָט מער פון אינערלעכן האַרץ, ווי פון אויסערלעכער וועלט. „כ׳האָב נישט זוכה געווען אין ליכט פון אויסן — רופט-אויס ביאַליק אין אַ שפּעטערדיק ליד — ס׳איז מיר אויך נישט פון מיין פאָטער בירושה איבערגעגאַנגען. פון מיין אייגענעם שטיין האָב עס געשלאָגן און געריסן פון מיין אייגן האַרץ״.

אַזוי איז ביאַליק אין די לידער. אין זיינע דערציילונגען אָבער, זעען מיר שוין שטיקער-לעבנס, ווי ס׳האָט זיך באַוויזן אין ביאַליקס אויגן. אַ לעבן אין אַ נייער אויפפאַסונג, מיט שטייפע און געזונטע לעבנס-קערנער, אין זאַפטיקע און קרעפטיקע פאַרבן. ביז ביאַליקן האָט מען אַזאַ געזונט און קערנדיק יידיש לעבן נישט געזען. נישט ביי מענדעלען, נישט ביי שלום-עליכמען, נישט ביי פּרצן — פון די ערשטע יאָרן. מענדעלעס יידיש לעבן האַלט ביי גסיסה, שלום עליכמס — לעבט מיט נסים, פּרצס איז פול קרעכצן און זיפצן. ביאַליקס לעבן האָט געזונטע, קרעפטיקע וואָרצלען, וואַקסט און פעסטיקט זיך פון אייגענע כחות. „אריה בעל - גוף״, „מאַרינקע״ — עס זענען פרישע צאַפּלדיקע און קרעפטיקע לעבנס-שילדערונגען, וואָס דערציילן וועגן רייכע אוצרות - מעגלעכקייטן, וואָס דאָס יידיש לעבן פאַרמאָגט נישט נאָר אינעם גייסטיקן ירושה-אוצר, נאָר אויך אין דער איצטיקער וואָר-ווירקלעכקייט. עס הערן זיך געזונטע, פעסטע טריט אויף אַ זיכערן וועג, וואָס פירט פון אַ גאַנץ, זעלבסשטענדיק לעבן, און זיי דערציילן וועגן דורות - לאַנגער שעפערישער אַרבעט און געשטעלטן לעבנס - נוסח. ווען ביאַליק וואָלט געגאַנגען ווייטער אין דעם וועג פון שילדערן דאָס יידיש לעבן, ווי ער באַווייזט אונז אין די פּאָר-דערציילונגען, וואָלט ער אָן ספק געשאַפן די עפּאָפּעע פון דעם באַהאַרציקן און קאָלאָריט-רייכן יידיש לעבן אין וואָלין. צום באַדויערן אָבער, האָט ביאַליק צופיל געלעבט אין זיין אַבסטראַקטער וועלט, און זיין שעפערישע אָנשטרענגונג איז געווען אָפּגעווענדט פון די רעאַלע שעפערישע כחות פון לעבן. און די פּאָר דערציילונגען זענען פאַרבליבן דעריבער איינצעלנע אין ביאַליקס שאַפן.

ביאַליק איז נישט קיין רעאַליסט, נישט נאָר בנוגע צו לעבנס־געשעענישן, אויך די נאַטור לעבט ביי אים נישט אין אירע רעאַליסטישע פאָרמען, זי קומט אויך אַרויס פאַראַלגעמיינט, אַבסטראַגירט. ביאַליק ווערט אַנטציקט פון דער נאַטור, ער אָטעמט מיט איר לעבן און לעבט־אויף פון איר, אָבער ער שילדערט נישט די נאַטור אין אירע אייגענע, כ׳וואָלט זאָגן, אין אירע פסיכישע און פסיכאָלאָגישע צושטאַנדן. די נאַטור, ווי דער מענטש, לעבט אין אייגנאַרטיקע פאָרמען און האָט זיך אירע באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן. ביאַליק גיט די עסענץ, די סך־הכּל שטימונג, דעם אָביעקטיוויזירטן קאָלאָריט, אויסער זיין סוביעקטיוון לבוש. עס איז אַזוי אַרום דער כּח, דער חיות, וואָס לעבט אין דער נאַטור, ווען זי הערט־אויף צו זיין נאַטור פאַר זיך און ווערט באַהעפט מיטן מענטש. די נאַטור ביי ביאַליקן לעבט נישט אליין אין איר אייגענעם לעבן, זי איז משועבד צום מענטש, זי איז צופיל פאַרמענטשלעכט. זי לעבט מיט מענטשלעכע אימפולסן. עס שוועבט אויף איר ביאַליקס גייסט. אָט לויפט־אָן אויף איר אַ מרה־שחורהדיקע, מאוימדיקע טונקלהייט, אָט שטראַלט זי און בלאַנקט מיט שיינענדיקער ליכט, — עס איז געווענדט אין דעם שטימונגס־צושטאַנד פון ביאַליקן

עטלעכע יאָר האָט געדויערט ביאַליקס מונטער לעבן אין דער שיינענדיקער וועלט. דאָס האַרץ איז געווען באַפליגלט מיט קראַפט און לוסט. געזונטע, מונטערע פאַרלאַנגען האָבן געלעבט און געוואָקסן אין אים, אַ וויכער פון זונען־שיין און מערקווירדיקער נאַטור־געזאַנג האָט געברויזט אין אים, און פאַר אָט דער צייט האָט ער אָנגעשריבן די ליכטיקסטע און פראַכטפולסטע בלעטלעך פון דער נייער יידישער פּאָעזיע. ביאַליק אַליין איז ווי אין געפענגעניש ביי דער בלאַנקנדיקער שיין, ער באָדט זיך אינם ים פון שיינענדיקער ליכטיקייט:

„וואַקסט און מערט זיך, איר ליכט, אין מיין האַרץ,
מאַכט ציטערן זיינע סטרונעס און לעבט,
און מיט אַמאָל זאָלן אַלע מיינע אברים
אַ נייעם געזאַנג ברומען און זאָגן".

(בשורה, תרס״ג).

אַ וואונדער - געוועב פון הימל - ריינקייט און עכט - יידישע שטראַלנדיקע שיין איז זיין פּאָעמע „זוהר". די נשמה פונם דיכ־טער גייט אויס אין בענקשאַפט און ליבע נאָך דער נאַטור. די ליי־בע איז אַ צנועהדיקע. אַ שענע, וואונדערלעכע וועלט, רייך אין פאַרבן און פול מיט ראַשיקע בילדער, עס פאַרבלענדט דעם אויג און פאַרכאַפּט דאָס האַרץ. ביאַליק שעפּט פולע הויפנס פון דער פליסנדיקער שענקייט און ווי אַ פאַרשכורטער בלייבט ער ליגן אין דער שויס פון דער נאַטור.

אַזוי איז ביאַליק צווישן דער נאַטור: אָט ליגט ער ווי אַ קינד, אַ פאַרחלשטער מיט אַ פאַרבענקט האַרץ און אַנטציקטע בליקן, און אָט רייסן זיך פון זיין האַרץ וויכער - אויסרופן און מונטער - געשרייען פון איבערפולטע און איבערפליסנדיקע קראַפט און הנאה.

## VI

ישט באַשערט איז געווען דער יידישער משורר זאָל לאַנג לעבן אין אַזאַ וואונדערבאַרער און ליכטי־קער וועלט פון לויטער שיין און קראַפט. די ימים ליכט האָבן זיך נאָך געגאָסן אין זיין האַרץ, ער האָט נאָך אַלץ געצאַפּלט פון גליק און פרייד, און פלוצלינג — געדיכטע, טונקעלע נעבלען. ער האַלט נאָך אין מיטן שפּינען די גאָלדענע זונען־שטראַלן, און פון דער זייט רוקן זיך אָן און צעקנאַלן זיך שוידערלעכע געשעענישן.

„דען גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג·
אַ שחיטה מיט אַ פרילינג.
דער גאָרטן האָט געבליט, די זון האָט געלויכטן —
און דער שוחט האָט געשחטן"..

ביאַליק האָט נישט געוואָלט פ ר י ל י נ ג מיט ש ח י ט ה פאַרבייטן, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. די געשעענישן האָבן דעם דיכטער מיט צוואַנגען געצויגן און אַריינגעשליידערט, אים אויף געוואַלט אינם מישמאַש פון בלוט און אכזריות.

„דו לויפסט? צו ליכט און לופט אַנטלויפסטו?
אַנטלויף, אַנטלויף — דער הימל לאַכט אויס דיר!

די זון וועט דיר מיט שפּיזן אויסשטעכן די אויגן,
אַקאַציען מיט פרישע גרינס-און-ווייס באַצויגן
וועלן סטן דיך מיט ריח פון בלוט און בליטן,
דיין קאָפּ מיט בלימעלעך און פעדערן באַשיטן,
און שטיקלעך גלאָז פון מיטן גאַס מיט טויזנט גלאַנצן
וועלן דיר אַנטקעגן אויף דיין בייז-וואונדער טאַנצן"...
(אין שחיטה שטאָדט)

און די סתירותדיקע מאָטיוון פון פרילינג און שחיטה האָבן אָנגעהויבן אין אים לעבן. די שטראַלנדיקע נאַטור באַגייסטערט אים אָן אויפהער, אָבער די טראַגישע געשעענישן רופן אַרויס ביי אים צער און צאָרן, אויפרעגונג און האַס.

אָבער מער ווי אָט דער האַס און צאָרן איז געווען געווענדט קעגן די געשעענישן און קעגן יענע, וועלכע האָבן מיט די געשעענישן אָנגעפירט — האָט ביאַליק זיין כּעס געווענדט קעגן די יידן און קעגן די יידן ווייזט ער אַרויס מער צאָרן איידער צער, מער כּעס און האַס, ווי מיטלייד און מיטגעפיל. „פון שטאָל און אייזן, קאַלט, האַרט און שטום שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש און קום!".

ביאַליק שמידט אויס זיין האַרץ, ווען ער קוקט זיך צו צו די שוידערלעכע בילדער, ער פלייסט זיך בלייבן ביי דער האַרטקייט און וויל זיך נישט אָפּלאָזן אין טרויער.

אין דער ערשטער מינוט איז ער דערשלאָגן פון דאָס געשעענע, אָבער באַלד באַהערשט ער זיך און נעמט אָן דעם שטראָפערישן טאָן. פון די שילדערונגען גייט ער איבער צו אויפרוף געשרייען, צו פּראָטעסט-ווערטער. דער אופן ווי די יידן האָבן באַשיצט זייער כּבוד און לעבן האָט געווירקט אויף ביאַליקן שטאַרקער, ווי די געשעענישן גופא. עס פלאַנטערן זיך טרערן-זיפצן מיט שטראָף-רייד און קללות, רחמנות און מיטגעפיל מיט האַס און עקל. אַן אינערלעכער קול רופט אים און באַפעלט צו זיין פון שטאָל און אייזן, קאַלט, האַרט און שטום, אָבער יעדעס מאָל רייסט זיך אַרויס פון דעם ציין-קריצעניש און שילטן אַ קרעכץ און עס ברעכט-אויס אַ טרער. דאָס האַרץ פּלאַצט פון שאַנד און ווייטאָג, ער כאַפּט

זיך צוריק און פאָדערט ביי זיך:
„וואָס זשע וויינסטו, מענטש?
צו וואָס פאַרדעקסטו מיט די הענט דיין פּנים? —
קריץ שטאַרקער מיט די ציין און פּלאָץ פאַר ווייטאָג?"

ער זעט דאָס פאָלק אין שענדלעכן, מאַכטלאָזן פאַלן, און מיט אויפגערעגטן האס שפּאָט ער ביז גאַליקן געלעכטער. און די אויפרעגונג וואַקסט אַלץ מער און מער, און גאָר פלוצלינג טוט ער אַ קער זיין פּנים צו דער שכינה, וואָס האָט אים געשיקט זען דאָס פאָלק אין זיין שענדלעכן פאַלן. ערגעץ־וואו לעבט־אויף דער געדאַנק, אַז ס'איז א גרויסע זינד צו שטיין ביי אָפענע קברים און אָפענע וואונדן און שיטן שטראָף - רייד און שפּאָט־ווערטער. און צו גאָט, — צו גאָט, וואָס האָט געוואָלט בלייבן גערעכט אין די שווידערליכע געשעענישן און געשיקט אים צו זיין זיין שליח אויף שעלטן, — צו דעם גאָט ווענדט ער זיך און אָנשטאָט ווייטער מאָנען פאַר אים, פאַר זיין כּבוד, הויבט ער אָן מאָנען ביי אים, פאַרן כּבוד פונם פאָלק. און ביאַליק ווערט־אָן דעם פאָדעם, אויף וועלכן עס ציט זיך זיין שטראָף־מגילה, און עס לאָזן זיך הערן גאָר אַנדערע ווערטער:

„איך בין אַהער געקומען, טויטע ביינער,
ביי אייך מחילה בעטן: זייט מיר מוחל!
זייט מוחל אייער גאָט, איר אייביק פאַרשעמטע,
פאַר אייער ביטערן, פינסטערן טויט.
אז איר וועט קומען מאָרגן אונטער מיינע טירן
און אָנקלאפּן ביי מיר און מאָנען לוין —
וועל איך אייך עפענען, קומט, זעט איך האָב נישט!
אַ גאָטס רחמנות איז אויף אייך, נאָר איך האָב נישט!
אַ יורד בין איך, גלייך מיט אייך פאַראָרעמט...
און ווי און ווינד און ווי איז אַלע וועלטן!
אין וואָלקן איינגעהילט איר קאָפּ וועט אייביק
מיין אַלטע שכינה וויינען שטיל פאַר בושה,
און באַכט אויף באַכט וועל איך אַראָפּ פון הימל
באַווייבען זיך אויף אייער קבר...
(אין שהיטה־שטאָט)

און ביי וועמען איז דער ווייטאָק שטאַרקער און וואו איז די בושה גרעסער? ווען אַ פאָלק פאַרלירט די כחות, ווערט מאַכט-לאָז און דערשלאָגן, קאָן עס ווידער באַנייען זיינע כחות און אויפלעבן, אָבער זיין גאָט, ווען ער בלייבט אַ יורד און קאָן שוין מער נישט, ווי ווייטעז איז דער שטיל פאַר בושה, וועמענס טראַ-געדיע איז טיפער?

אויב אין דער פּאָעמע „אין שהיטה שטאָט" מישן זיך אויס אויסגעשמידטע שטראָף - רייד מיט ציטערדיקן צאַפּל, איז דאָס צווייטע שטראָף - ווערק „דאָס לעצטע וואָרט" (געשריבן נאָר אין יידיש) אינגאַנצן געשאַפן דורך דעם האַרטן, ברוגזן שטראָפער. דער משורר איז אַריינגעפאַלן אין נעץ פון נביאישער שטראָפעריי. די שפּראַך און פאָרם האָבן דערגרייכט צו גאָר אַ הויכער מדרגה, עס איז אַ פאַרקערפּערטע און אין נייע פאָרמען איבערגעגעבענע ביבל-תוכחה. ביאַליק אַליין רופט עס אָן נ ב י א י ש. אַבסטראַקט און האַרט זענען די ווערטער אין „דאָס לעצטע וואָרט", זיי קלינ-גען אָפּ מיט אַ פאַרהילכטן אָפּקלאַנג פון אַלטע, פאַרצייטיקע יאָרן. עס רעגט אָבער צייטנווייז אויף און דערצאָרנט דער צופיל-פּאַטע-טישער טאָן און די גרויזאַם-אָנגעצויגענע פּאָזע בנוגע צום ליידנ-דיקן פאָלק

שווער, אומאַנגענעם ווירקט אויף אונז דאָס שעלטן:
„נאָר ווייסט, איר אומגליקלעכע, ווייסט —
איך האָב אַ וואָרט, אַ שרעק עך וואָרט,
וואָס וועט אייך הויבן פון דעם אָרט,
וואָס וועט דאָס ליכט אייך מאַכן שוואַרץ
און וועט פאַרסמען אייך דאָס האַרץ
און וועט פאַרגיפטן אייך דאָס ביסן
און ביטער מאַכן אייך דאָס ברויט,
דאָס לעבן וועט דאָס אייך פאַרמאוסן
און וועט נישט געבן אייך דעם טויט...
איך וועל אויף אייך מיין גאַל אויסגיסן
און וועל באַשפּייען אייך מיט בלוט"...

(דאָס לעצטע וואָרט).

אָט די תּקופה פון אַ שעלטער האָט נישט לאַנג געדויערט ביי ביאַליקן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין דער פּאָזע פון אַ שטראָפער און מיט אַן אויסגעשמידט חארץ זיך באַציען צו פאָלקס-אומגליקן. שוין אין „לעצטן וואָרט" קלאָגט ער זיך:

„איך בין געשטראָפט פון גאָט מיט האַרץ:
איך האָב אַ האַרץ, וואָס קרענקט פאַר יענעם,
וואָס קאָרטשעט זיך פון פרעמדן שמאַרץ
און ווערט פאַרבּרענט פון יעדנס גהינום".

און דאָס לעצטע וואָרט ביי ביאַליקן באַקומט דער טרייסטער, מיטפילנדיקער, וואָס בלוטיקט פאַר פרעמדע צרות:

„גליקלעך איז דער און געבענטש זאָל דער ווערן,
וואָס וועט פאַראייביקן אייערע טרערן
הייליקע, צווייטוויזנדיק-יאָריקע טרערן".

(גלוסט זיך מיר וויינען).

אויך אין די צער- און צאָרן-לידער איז ביאַליק געבליבן אַ פּראָבלעמען-דיכטער. אויך אין די לידער איז דער עיקר נישט דאָסווירקלעכע, רעאַלע, נאָר דאָס פּראָבלעם, דער געדאַנק. „אין שחיטה שטאָט" הויבט ביאַליק אָן פון די שוידערלעכע בילדער און, דוכט-זיך, וויל דערציילן פון דעם, וואָס ס'איז געטון געוואָרן, אָבער באַלד פאַלן-אָפּ די רעאַלע שטריכן. די ווייטערדיקע בילדער זענען שוין נישט רעאַליסטיש. די איינציקע באַזונדערע שטריכן צעפליסן זיך, און עס קומט דאָס אַלגעמיינע, פאַראַלגעמיינטע בילד. נישט ב י ל ד ע ר; נאָר א י י ן בילד, נישט ג ע ש ע ע נ י ש ן, נאָר א י י ן געשעעניש. דאָס פּערזענלעכע טרעט אָפּ, און עס פאַרנעמט דעם אָרט דאָס כּ ל ל י ש ע. ביאַליק איז דאָ ווידער דער עכטער נאַציאָנאַלער משורר, וואָס לעבט דער עיקר מיט נאַציאָנאַלע, גייסטיקע פּראָבלעם-וועלטן. דאָס געשעענע גייט שטענדיק דורך ביי אים דורך דער נאַציאָנאַלער פּריזמע, און בּרענגט אַרויף אויפן וואָגשאָל פון געדאַנק-געפיל דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. אַלץ שפּיגלט זיך און שטראַלט אָפּ אינעם נאַציאָנאַלן שפּיגל פונם משוררס האַרץ. נישט די געשעענישן אין זייערע רעאַליסטישע און פּסיכיש-פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, אויך

נישט דער סאָציאַלער און סאָציאָלאָגישער עלעמענט זייערער טרעט אַרויס אין די לידער. עס פאַרנעמט ביאַליקן דאָס נאַציאָנאַלע, פון דער נאַציאָנאַלער הויך גייען אָפּ די שילדערונגען - איינדרוקן און צו אים קערן זיי זיך אום.

אָבער דער נאַציאָנאַלער עלעמענט אין די איצטיקע שירים איז שוין אַנדערש פון דעם, וואָס איז געווען אין די שירים פון די ערשטע יאָרן. דאָרט איז געווען צופיל פובליציסטיק, דאָרט זענען געווען קליינלעך-סקעפּטישע מאָטיוון און נאַאיוו-שוואַכער בענקן נאָך ציון. אין די איצטיקע שירים פילט-זיך שוין דער שטאַרקער גייסט פון אַ גרויסן און שטאָלצן „איך".

דער „איך" אָבער איז דער נאַציאָנאַלער „איך". שטאַרקער און שאַרפער רעאַגירט ביי ביאַליקן דער נאַציאָנאַלער זעלבסט-באַוואוסטזיין און נאַציאָנאַלע גאוה, איידער דער פערזענלעכער געפיל.

די צוויי עלעמענטן—פערזענלעכער און נאַציאָנאַלער—גאַנץ אָפט זענען זיי פאַרשיידן און צו גאָר באַזונדערע וועגן פירן זיי. דאָס פערזענלעכע איז שטענדיק געבונדן מיט פסיכיש-לירישע, מיט סוביעקטיוו-אינדיווידואַליטישע געפילן, און דאָס נאַציאָנאַלע איז אַבסטראַקט, אָביעקטיוו. ווי ביי יעדער גרויסער פערזענ-עכקייט, איבערהויפּט פון געדריקטע פעלקער, האָבן אויך ביי ביאַליקן גע-קעמפט די צוויי כחות: דאָס ריין פערזענלעכע—דאָס סוביעקטיווע, אינטימע, און דאָס נאַציאָנאַלע—דאָס סינטעטיש-געדאַנקלעכע. גע-זיגט האָט ביי ביאַליקן דאָס נאַציאָנאַלע. דער עיקר איז ביי אים דאָס פּראָבלעם פון די געשעעענישען, דער סינטעטישער סך-הכל און פועל-יוצא פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפונקט. די געשעעניש ווערט געגעבן נישט פון אינווייניק, אין די פסיכישע מאָמענטן, נאָר אין די אויסערע און איבעראַשנדיקע פאָרמען און טענדענצן.

אָבער סוף - כל - סוף איז דאָס נאַציאָנאַלע אַזוי געקניפּט און געבונדן מיט דאָס פערזענלעכעס, אַז ס'איז שווער אָפּטיילן איינס פון דאָס צווייטע. דער מער עמפּינדלעכער ביי ביאַליקן איז דער נאַציאָנאַלער „איך", אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן בלייבט דער פערזענלעכער „איך" אויך נישט גלייכגילטיק. בכלל, קאָן שוין

דער איצטיקער דיכטער נישט זיין אינגאַנצן אַבסטראַקט, ריין-פילאָזאָפיש געשטימט. די צייטן פון הוילע אַבסטראַקציע זענען שוין אין פּאָעזיע, ווי אין וויסנשאַפט, לאַנג פּאַריבער. און ביי ביאַליקן, ביי וועמען דער פּערזענליכער „איך" שפּייזט שטענדיק דעם נאַציאָנאַלן, פלעכטן זיך צונויף אָפטמאָל אָט די צוויי „איך", און צייטנווייז איז שווער צו דערגיין, וואו ענדיקט זיך איינער, און וואו הייבט זיך אָן דער צווייטער. אין יעדן איינציקן פון זיי ליגט די קראַפט פונם אַנדערן, וואָס פאַרשטאַרקט און פאַרגאַנצט אים. די פּערזענליכע גוטמוטיקייט און געשמאַקפולע קראַפט טריפן אַריין גבורה און באַגייסטערונג אין די לידער פון די נאַציאָנאַלע חורבנות, די נאַציאָנאַלע קלעפּ פאַרטיפן און פאַרשאַרפן זיין אינטואיוון גייסט.

און מערקווירדיק איז געוועזן דער פלאָנטער פון אויסערלעכע איינדריקן מיטן אינערלעכן גייסטיקן צושטאַנד: דער צער-און-צאָרן האָט געבראָכן זיין האַרמאָנישע גאַנצקייט. אין קעשענעוו, „וואו פייער, האַק און אייזן האָבן אויף דער ווילדער חתונה אַ ווילדן טאַנץ געשפּילט", דאָרט, וואו דער טויט-שרעק האָט געפאָכעט מיט קאַלטע, שוואַרצע פליגל, און וואַרגנדיק זיך מיט טרערן און ציין-קריצעניש, האָט ער אָנגעשריבן זיין „על-השחיטה" (אייר תרס״ג), אין דעם זעלבן קעשענעוו, אין אַ חודש אַרום (אין סיון), שרייבט ער זיין ליד „עם שמש", שפּעטער (תמוז תרס״ג — תשרי תרס״ד) פאַרנעמט ער זיך מיט „משא נמירוב", דערנאָך מיטן יידישן „אין שחיטה שטאָט" — און באַלד הויבט ער ווידער אָן שטריקן מיט שטראַלן-שפּיזן דעם פּראַכטפול-זוניקן געוועב פון גלענצנדיקע נאַטור-שילדערונגען. אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך „משא נמירוב" (טבת תרס״ד) שאַפט ער זיינע זוניקסטע לידער, די „משירי החרף":

„פריהיק קעלט, אַ קראַ פון ראָבן
האָבן מיר צעשטערט מיין שלאָף,
און איך ווייס נישט, וואָס איז פּלוצלונג
אויף מיר אַ יום-טוב פרייד אַראָפּ,
און איך ווייס נישט, ווער ט'פאַרגעסן

ריינעם גליק אין הארץ ביי מיר,
ווארום האָט מיין אָרעם צימער
חן באַקומען אָן אַ שיעור״...

ביאַליק שטייגט אַלץ ווייטער און קומט צום סאַמען איידלסטן און טייערסטן צירונג פון זיין לידער־אוצר, ער קומט צו „הברכה״ (תשרי תרס״ה). די פריערדיקע נאַטור - בילדער זענען אויפגעוונגס־איינדרוקן פון דער נאַטור, זיי רעגן - אויף דעם דיכטערס האַרץ און רופן אים צו אַקטיווע טאַטן. „הברכה״ איז אַ שטילער אָפּקלאַנג, דער סינטעז פון דער וועלט, וואָס האָט זיך געשאַפן אינם האַרץ פונם דיכטער. ווי אַ שטילע סאַזשעלקע, וואָס ביאַליק דערציילט וועגן איר, אַז געבענשט מיט ליכט און געוויינט מיט שאָטנס, לעבט זי צווישן שטילקייט און שטורם און טרוימט אַ טרוים פון אַן אי־בערגעקערטער וועלט, אַזוי לעבט דאָ אין דער וואונדערבאַרער פּאָעמע ביאַליקס נשמה. פרימאָרגן ווערט זי פאַרחלשט אינם שויס פון איר באַשיצער, דעם וואַלד, און אין אָוונט באַהאַלט זי זיך אין זיין שאָטן און מיט אַ באַזונדערער שטילקייט איז זי איינ־געשטילט.

דער דיכטער האָט זיך אָפּגערוקט פון אייגענעם שטורם און אייגענעם רוף און זיך פאַרוקט אין דער שטיל פון אייגענעם האַרץ. אין „הברכה״ האָט ביאַליק איבערגעגעבן דעם זיי - געזונט דער וואונדערבאַרער וועלט, וואָס האָט אין אים פון דער פריסטער קינדהייט אָן געלעבט.

„הברכה״ פאַרענדיקט די שטורמישע תקופה אינם לעבן פונם דיכטער.

## VII


ון דאַן־אָן הויבן זיך אָן נייע מאָטיוון אין ביאַליקס דיכטונג, נייע ציטערדיקע טענער. ערגיץ־וואו, אין טיפעניש פונם דיכטערס האַרץ, האָט עפעס גע־פּלאַצט, עס האָט זיך דער ווידערקול איבערגע־געבן אין די געפילן־געדאַנקן, אַ ווידערקול, וואָס קומט פון אייגענער שוואַכקייט און אויך פון דער אייגענער האַרץ עשירות. עס קומען באַהאַלטענע, פאַרשטיקטע טענער, זיי ברענגע

אַ גרויס, אַן אָפּקלאַנג פון אַן אינערלעכע וועלט, וואָס לעבט ביים דיכטער. ביאַליק קומט־צו צו די מאָטיוון און קערט זיך אָפּ פון זיי. ער פילט דאָס בייעס, וואָס האָט זיך דערוועקט אין אים און פאַרנומען זיין האַרץ און נשמה, אָבער ער שרעקט זיך נאָך אַליין פאַר זיך, פאַר דער אינערלעכער שטימונג, וואָס ווערט אַלץ רייפער אין אים און וואָס פאַרכאַפּט אים אַלץ מער.

ביאַליק דערגרייכט צום מאָמענט, ווען אַוועקגייענדיקע יאָרן הויבן אָן מיט אַמאָל מיט אַ טרויער־קלאַנג אָפּקלינגען און דערוועקן טיפע, בענקנדיקע געפילן־ערינערונגען נאָך פאַרגאַנגענע טעג, און צוזאַמען מיט דעם טריפן זיי אַריין דריקנדיקע אומצופרידנהייט און האָפנונגלאָזע־געפילן אויף גרויסע טאַטנס און גרויסע ווילנס, וועלכע זענען פאַרבליבן נישט דערפילטע. אין יענער צייט (אין יאָר תרס״ה), האָט ער אָנגעשריבן „ואם ישאל המלאך”, „מגלת האש”, „הכניסני תחת כנפך”, וואו עס הערן זיך די אָפּקלאַנגען פון אָט דער שטימונג.

און ווי אומעטום אזוי אויך דאָ גיט ביאַליק נאָר דעם ווייטן אָפּקלאַנג, און נישט די אוממיטלבאַרע געפילן. ווי אין די פריערדיקע לידער, אַזוי אויך דאָ איז ביאַליק נישט דער פּסיכאָלאָגישער ליריקער. ער רעדט נישט וועגן זיינע אינערלעכע איבערלעבונגען, ווי זיי געבוירן און ציען זיך פון אייגענעם האַרץ. אויך דאָ גיט ביאַליק דעם אָפּקלאַנג, דעם סינטעטיש־אַבסטראַקטן סך־הכל פון דאָס געשעענע.

די שטימונגען זענען אינטימע, שטיל־באַהאַלטענע, זיי זענען נאָך נישט אָנגעקליידט אין גאַנצע פאַרענדיקטע פאָרמען און נישט אָנגעצויגן אויף איין שנור. איינציקווייז, איינציקווייז ווערן זיי געבוירן אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דיכטערס נשמה, און פון צייט־צו־צייט לאָזט זיך הערן אַ ווייטער, דערווייטערטער גרוס. דער הויפּט־מאָטיוו, וואָס גייט־דורך אין די בייע ,ידער איז אַ שטילע האַרץ־בענקשאַפט, געמישט מיט געדריקטן געמיט און אומבאַהאָלפענער פאַרצווייפלונג אויף עפּעס־וואָס אָנגעוואָרענעם, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. זיין האַרץ און נשמה זענען אַריינגעטון אין פאַרנעבלטער פאַרגאַנגענהייט און פון דאָר־

ציען זיך שטיל-בענקנדע און האַרץ-רירנדע שטימונגען. ער הויפּט-אָן אונטערפירן אַ סך-הכּל צום אייגענעם לעבן און שאַצט-אָפּ זיין אָרט און ווערט אין וועלט. די טרויער-בילדער הויבן זיך אָן מיט אומעט און בענקשאַפט און זיי גייען-אויס שטיל, שטיל כּמעט אָן ווערטער. כאַראַקטעריסטיש איז דאָס העברעיש ליד „ואם ישאל המלאך", וואָס מיר גיבן דאָ אין אַן אייגענער ווערטלעכער אי-בערזעצונג

„אויב אַ מלאך וועט דיך פרעגן, מיין קינד,
וואו איז דיין נשמה?
גיי אין דער וועלט אַריין און זיך זי, מיין מלאך!
פאַראַן אין דער וועלט אַ דאָרף אַ רויק,
אַרומגערינגלט מיט אַ וואַלד-מויער,
און ביים דאָרף — אַ הימל אַ בלויער,
אַ הימל אָן גרענעצן.
אויפן בלויען הימל איז אַ בן-יחיד אין מיטן:
אַן איין-און-איינציק וואָלקנדל, אַ ווייס און קליינס.
אין אַ זומערדיקן בייטאָג האָט זיך דאָרט, אויפן דאָרף,
איינער אַליין אַ פאַרלאָזט קינד געשפּילט,
אַ קליינס, אייד ס און פאַרחלומטס.
דאָס קינד בין איך געווען, מיין מלאך.
איינמאָל איז די גאַנצע וועלט פאַרחלשט
און אַנטשוויגן געוואָרן.
דעם קינדס אויגן האָבן זיך צום הימל געצויגן,
און זיי האָבן אים, דעם איינציק, קלאָר און ריין
וואָלקנדל דערזען.
און זיין נשמה האָט געצאַפּלט און אויסגעגאַן,
ווי עס צאַפּלט און גייט אויס אַ טייבעלע אין איר שטייגל—
ווען עס האָט אים, דעם וואָלקנדל, דערזען...
— איז טאַקע די נשמה אויסגעגאַן? —
פאַראַן, מיין מלאך, אויך אַ זון אויף דער וועלט.
אַ גאָלדן-שטראַל אַ רחמנותדיקער האָט מיין נשמה גערעטעט.
און ווי אַ ווייסע באַבעלקע האָט אויף פליגל פון שיין

מיין נשמה פיל צייט אַרומגעשוועבט;
איינמאָל, אין אַ פרי־מאָרגן, איז זי אויף אַ גאָלדן־
שטראַל געריטן

און א טוי־פּערל צווישן גראָזן זיך זוכן געלאָזט:
אַ ריינע און אומשולדיקע טרער האָט דאַן אויף
מיין באַק געציטערט,

אַ טרייסל האָט געטון דער שטראַל,
און מיין נשמה האָט זיך אַראָפּגעגליטשט
און אין טרער אַריין...
— איז זי דערטרינקען געוואָרן, די נשמה?

ניין,
אויף בלעטל פון הייליקער גמרא איז זי אַראָפּגעפאַלן.
אַ גמרא פון פאַרמעט האָט מיין זיידע געהאַט,
אַן אַלט־פאַרגעלבטע.
האָר פון זיין ווייסער באָרד,
פסולע ציצית פון זיין טלית־קטן זענען דאָרט געלעגן,
און סימנים פון חלב און וואַקס זענען דאָרט געווען.
אין דער גמרא, צווישן טויטע אותיות
האָט מיין נשמה איינע אַליין געצאַפּלט...
— איז זי דאָרט פאַרשטיקט געוואָרן?

ניין, מיין מלאך,
געצאַפּלט האָט זי און געזונגען.
צווישן די טויטע אותיות האָבן מיינע שירים דאָס
לעבן ליב באַקומען
אין דעם ספרים־אַלמער פון מיין זיידן האָבן אייביק־
טויטע געצאַפּלט.

און פאַרשיידן זיינען די שירים געווען:
איבער אַ קליינעם, קלאָרן וואָלקן
איבער אַ גאָלדן־שטראַל און שיינענדיקער טרער
איבער פסולע ציצית און וואַקס־טראָפּן, —
נאָר איין ליד נישט געוואוסט האָבן זיי —
די ליד פון יוגנט און ליבע.

האָט זי זיך געריסן, די נשמה מיינע, צו אַנטרינען,
און קיין טרייסט נישט געפינען.
האָט זי ביז צום אויסגיין געהלשט
און שווער איז איר געווען ביז צום טויט.
איינמאָל בין איך אין מיין אַלטער גמרא געוואויר געוואָרן,
און מיין נשמה איז פון דאָרט אוועקגעפלויגן... — — —
און איבער גאָר דער וועלט שוועבט זי אַרום,
גייט אום און בלאָנדזשעט און קיין טרייסט געפינט ניט;
און אין די פרומע נעכט פון אָנהייב חודש,
ווען די וועלט איז אויף פגימה פון לבנה מתפלל,
קלאַפּט זי און וויינט
און בעט שטילערהייט אויף ליבע...

(ואם ישאל המלאך)

ביאַליק וויל שאַפן פאַר זיך, פאַר זיין בענקענדיקער נשמה ליבע. ער וויל זיך פאַרפלאָנטערן אין אירע נעצן, אָבער צו אמתער ממשותדיקער ליבע קומט ער נישט. שטילערהייט האָט געקלאַפּט זיין נשמה אינם טויער פון ליבע, און די ליבע נישט אַרויסגערופן. נישט די פרוי איז געקומען און נישט די איבער־לעבונגען-איינדריקן פון דער פרויען־ליבע. ביאַליק האָט דאַן אָנ־געשריבן עטלעכע ליבע־לידער, אָבער די ליבע אַליין איז אין זיי נישטאָ. נישטאָ דאָס פיבערישע וואַקלעניש און ציטערדיקע פרייד פון אַ פאַרליבטן. די לידער זענען אַ ת פ י ל ה, אַ ג ע ב ע ט אויף ליבע. עס לעבט אין זיי האַרציקע בענקשאַפט און שטילע קלאָגעניש, פאַרוואָס די אמתע ליבע קומט נישט. ביאַליק איז אויך דאָ העכער פון דערווירקלעכקייט, העכער פון רעאַלן. ער באַווייזט נישט די ליבע, נאָר די שטימונג, וואָס דערנענטערט זיך צו סינטעז, צו געדאַנק, צו פּראָבלעם, צו נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. אָבער דאָס א י נ ט י מ ע הערט דאָך נישט אויף צו לעבן אין די איינציקע ליבע־לידער, און ווי ביאַליק האָט זיך נישט געפלייסט אָפּצוטיילן דאָס סוביעקטיוו-פּערזענלעכע, פילט זיך דאָך דער אינער־לעכער ציטער, און עס הערט זיך זיין האַרץ-קלאַפּן:

„אין דער צייט פון רחמים, פון בין-השמשות, בויג זיך אָן,

ווע̇ל איך דיר דעם סוד פון מיינע יסורים אַנטפּלעקן:
מ׳זאָגט פאַראַן יוגנט אויף דער וועלט—וואו איז מיין יוגנט?
און נאָך אַ סוד ווע̇ל איך דיר דערציילן:
מיין זע̇ל איז אין פלאַם פאַרברענט געוואָרן;
מ׳זאָגט, פאַראַן ליבע אויף דער וועלט — וואָס אַזוינס איז ליבע?״

אַ שטי̇ל-שטי̇לער אַקאָרד פון טיפע, אינערלעכע איבערלעבונגען. מיר פאַרנעמען נאָר אַ ווייטן, פאַרטויבטן אָפּקלאַנג, פאַרשטיקט אין טיפעניש פון אייגענעם האַרץ.

ביאַליק שרייט נישט און רופט נישט, עס לאָזן זיך הערן שטי̇ל-האַרציקע ווערטער:

„די שטערן האָבן מיך אָפּגענאַרט,
געווען אַ חלום איז ער אַ דורך. —
איצט האָב איך גאָרנישט.
גאָרנישט אויף דער וועלט״.

## VIII



ון אַז אויפן האַרצן איז געוואָרן זייער שווער, און עס האָבן אים באַפאַלן זייַנע גרויסע חלומות און טיפע ווייטאָגן, באַפאַלן ווי כוואַלעס פון ים, — איז גאַנץ פרי מיטן מאָרגנשטערן איז דער יונגערמאַן אַרויס אויסערן שטאָט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט האַרט אויף אַן איינזאַמען בוים, וואָס ביים ברעג פון אַ דרעמלדיקן טייך, געהויבן די אויגן צום מאָרגנשטערן און געזוכט זיין שאָטן אין וואַסער פון טייך. ער האָט אויך אַריינגעקוקט אינם אָפּגרונט פון זיין אייגענער זע̇ל. אַזוי איז ער פי̇ל צייט געשטאַנען און מיטגעשוויגן מיט דער אַרומיקער וועלט און מיט דעם אייגענעם אומעט, דעם אומעט פון אַ פערזענלעכקייט״.

ביז אַהער האָט ביאַליק גענומען פון אויסן. דאָס אויסערע פלעגט אַרויסרופן ביי אים אַנטציקונג אָדער אומצופרידנקייט. ליובגעזאַנג אָדער פּראָטעסט - געשריי. צופי̇ל האָט געברויזט אין אים

דאָס נאַציאָנאַלע לעבן, צו שטאַרק איז געווען געבונדן צו זיין וועלט-אָנשויונג, ער זאָל קאָנען ציען זיין אייגן אינטים לעבן. אָבער סוף-כּל-סוף פאַרטיפט ער זיך אין זיך. אויסער די נאַציאָ-נאַלע פּראָבלעמען, אויסער די אַבסטראַקטע געדאַנקען, האָט געלעבט אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ אַן אייגענע וועלט פון נישט-באַפרידיקטע פאַרלאַנגען, אַ וועלט, פאַרוועבט מיט דינע האַרץ-פּסיכישע שפינוועבס.

די בענקעניש נאָך ליבע האָט ער באַלד אין זיך באַקעמפט, באַקעמפט און באַרעכטיקט איר אַוועקגיין. ביאַליק פאַרמאָגט אַ שטאַרקע נאַטור, וואָס איז גובר אין זיך דעם פיבערישן צושטאַנד. באַלד האָט ער געפונען די טרייסט און ג׳ייך אָנגעמערקט דעם אויסוועג. דאָס האַרץ ציט זיך נאָך נאָך דעם אַוועקגייענדיקן, און דאָס אויג קוקט שוין זיך איין אין עפּעס-וואָס בייעס.

„דו גייסט אַוועק פון מיר—גיי געזונט, און זאָל דיין ווילן זיין די ליכט אויף דיין וועג און געפין די רו דאָרט, וואו דו וועסט זיין.

און איך? נישט זאָרג, איך בין נישט איינזאַם:

כּל-זמן די זון איז שען אין איר אויפגאַנג און אונטערגאַנג, און גאָטס-שטערן זענען נאָך נישט מיד ווינקן צו מיר, בין איך נישט פאַרפאַלן, און דער קוואַל פון מיין טרייסט איז נאָך נישט אויסגעשעפּט. זע—מיר פעלסט דו, אָבער איך האָב נאָך גענוג: איך האָב אַ גאַנצע וועלט... איך האָב אַ האַרץ, — אַ פּאַלאַץ פון זעהונג, אַ נעסט פון חלומות״...

פון דער ליבע איז ביי אים פאַרבליבן אַ הייליקער אומעט. די ליבע איז צו אים געקומען פאַרהילט אין אַ טונקעלן שלייער, און דאָס געזיכט האָט זי אים נישט באַוויזן. דאָס איז די ליבע פון דער פריערדיקער בית-המדרש יוגנט, באַצירט מיטן ווייטן אָפּקלאַנג פון שיר-השירים בענקשאַפט, איר איז פרעמד רעאַלע ליידנשאַפטן. פון ליבע האָט ער נישט געגאָסן, זי האָט אים אָבער אַריינגעפירט אין די אינערלעכע, סוביעקטיווע ווינקלען פון זיין אייגענער נשמה.

דאָרט, אין די חדרי-חדרים פון אייגן האַרץ, האָט ער זיך

אָנגעשטויסן אויף געפילן־שטימונגען, צו וועלכע ער האָט זיך ביז איצט נישט צוגעהערט. פון די טיפענישן פון אייגן האַרץ לאָזן זיך הערן ציטערדיקע פיינלעכע שטימען, וואָס מאָנען ביי זיך און ביים סוד פון דער וועלט אויף אייביקע און אייגענע פאַרלאַנגען.

„איצט—זאָגט ביאַליק אין זיין אַרטיקל „שירתנו הצעירה" — איצט, ביי זונען אונטערגאַנג, איז געקומען, דוכט־מיר, די צייט, ווען די נאַציאָנאַלע פּאָעזיע זאָל זיך אַרומוויקלען אין אַ טלית. און איינע אַליין, ביחידות, ביי זיך אין דער היים, זאָל זי אָפּ־ריכטן איר נאַכט־תּפילה".

די מאָטיוון פון די לידער זענען גאָר אַנדערע. זיי שטאַמען פון אינווייניק, פונם תהום פון אייגענעם וועזן. נישט די אָפּגע־שטאַנענקייט פונם פאָלק איז דער עיקר טראַגיזם ביים דיכטער, נישט פון דאַנעט ציט זיך דער מקור פון צווייפל און אומעט. נישט דאָ אויך צינדט זיך אָן און ברענט דער פייער פון האָפּ־נונג און גלויבן.

די איצטיקע אומצופרידנקייט איז נישט ענלעך צו דער פריערדיקער. זי איז אַ פּאַסיווע, זי רופט שוין נישט אַרויס דעם לערער און שטראָפער און טייטלט נישט אויף עפּעס־וואָס אַנדערש. די איצטיקע אומצופרידנקייט איז אַן אינערלעכע, אַ פּסיכישע, זי האָט ווייניקער אָדער גאָר ווייניק פאַרבינדונג מיט געזעלשאַפטלע־כע ערשיינונגען, זי איז דורכויס געבונדן מיטן אייגענעם אינ־טימען לעבן.

ביאַליק, אין וועלכן עס רינט דאָס בלוט פון פּאַטעטישע נביאים און וואָס איז געוואוינט רעדן מיט קולי־קולות, ביאַליק דער שליח־צבור פון כּלל־צרות, וואָס האָט געריסן קברים און וואונדן, וויקלט־זיך איצט איין אין זיין טלית און פאַרוקט אין אַ ווינקל, ציט ער זיין אייגענע תּפילה וועגן אייגענער שוואַכקייט און שברת־הלב. עס איז שוין אויך מער נישטאָ די געשמאַקפולע אַנטציקונג פון נאַטור. די ברענענדיקע אויגן האָבן זיך ווי אויס־געלאָשן, און אַ שטילער ציטער האָט דורכגענומען זיין קרעפטיקן גוף. נישטאָ שוין די פריערדיקע זיכערקייט אין אייגענעם כּח, אין אייגענער גערעכטיקייט. פריער האָט ער געזען דעם שולדיקן

און געהאַט מוט צו פאַרהאַסן, צו שעלטן. מיט אימפּעט האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער גלייכגילטיקייט פונם פאָלק, זיך געבייזערט, געשטראָפט און אויסגעשריען: „נישטאָ פאַר אייך קיין נחמה!". איצט איז ער פאַרטיפט אין אייגענעם טרויער. די אודיטאָריע איז אויסגעליידיקט, עס האָבן זיך אויסגעלאָשן די ליכט, איינער אַליין בלייבט ער מיט זיך און מאָנט ביי זיך דעם אייגענעם חשבון־הנפש.

וואָס האָט געבראַכט ביאַליקן צו אַזאַ געדריקטער שטימונג?

ביאַליק איז שטענדיק געווירקט געוואָרן פון די אויסערלעכע כלל-צרות, און זיין נאַציאָנאַלער „איך" האָט שטאַרק רעאַגירט אויף די לעבנס־געשעענישן. אָבער גראָד אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דאָס יידישע כלל לעבן פיל פאַרבעסערט און מער ווי פריער האָט עס געקאָנט באַפרידיקן דעם נאַציאָנאַלן טוער. ביאַליק דער כ ל ל ־ מ ע נ ש איז מונטער און אָפּטימיסטיש, ער איז פול מיט ווילן און האָפנונג, גיט־צו זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט גייסט און לוסט. ביאַליק דער ד י כ ט ע ר האָט זיך אָפּגעטיילט פון ביאַליק דעם ט ו ע ר. אין דער צייט, ווען דער לעצטער שטייט אין מיטן פון ארבעט, רופט און גלויבט אין דעם, צו וואָס ער רופט, איז דער דיכטער באַהאַלטן אין חדרי־חדרים און ציילט די טריט פון איינזאַמען וועג, וואָס זיין נשמה מאַכט אַדורך.

אין אייניקע לידער (חוזה, לך ברח און אַנדערע) האָט ביאַליק געפּרובט ווידער אָננעמען דעם פריערדיקן שטראָפערישן טאָן, אין די לידער פעלט אָבער דער אַמאָליקער פעסטער רוף.

און ביאַליק ווערט אַ זעלטענער גאַסט אין דער ליטעראַרי־שער וועלט. פון אַלע מאָל איז ער געוויינט צו קומען מיט אַ גאַנצן, פאַרענדיקטן שיר וועגן אַ דורכגעפילטן און ביזן סוף דורכ־געלעבטן שטימונג-צושטאַנד. ביאַליקס שיר האָט שטענדיק סינטע־זירט געפילען-געדאַנקען און געפונען דעם געדאַנקלעכן פועל־יוצא. די ראָמאַנטישע בענקשאַפט נאָך ציון, די אומצופרידנקייט און זעלבסט-ערנידערונג פון פריערדיקן יידישן אינטעליגענט, דאָס צווייפלען אינם קיום פונם יידישן פאָלק, דאָס וואַקלען צווישן מערב און מזרח, צווישן דער גרויסער וועלט און ענגע ד' אמות,—

דאָס אַלץ איז דורך ביאַליקן אין אַ געוויסער מאָס פאַראַלגעמיינט געוואָרן און באַקומען ביי אים דעם קינסטלערישן תּקון. און שווער איז געוואָרן פאַר ביאַליקן זיין שאַפונגס-פּראָצעס, ווען ער און זיין אינערלעכע וועלט האָבן זיך געפינען אינם ברויזנדיקן און פאַרפלאָנטערטן צושטאַנד און פאַר אים אַליין איז געווען נישט־קלאָר און פאַרנעבלט דער וועג און אויסוועג פון אַרומיקן לעבן. ביאַליק איז נישט דער אינדיווידועל־סוביעקטיווער דיכטער, וואָס גריבלט זיך אין דער אייגענער פּסיכיק און ציט פון דאָרט שטאָף פאַר זיין דיכטונג. ביי ביאַליקן איז פאַראַן אַ תּהום צווישן זיין פּערזענלעך לעבן און זיין שאַפן. ער האָט אָט דעם תּהום נישט איבערגעטראָטן אויך אין זיינע אינטימע לידער, ווי „צנח לו זלזל", וואָס פאַרמאָגן טיף-אינטימע מאָטיוון.

ביאַליק פאַרשטיקט אין זיך דעם אינערלעכן וויטאָק, וואָס קומט פון שטאַרקער פאַרצווייפלונג און טיפער איינזאַמער בענקשאַפט. צו אונז דערגייט נאָר, אַ ציטערדיקע שטימע פון שטילע תּפלות. עס איז נישט דערוואָקסן צו עפּעס־וואָס גאַנצעס, פאַרענדיקטעס. גיכער איז עס א שעמעוודיקע תּפלה פון אַ פאַרוויטאָקט האַרץ, וואָס שעמט זיך פאַר אייגענע ווערטער. עס איז נישט אַ תּפלה עפּעס-וואָס אויסצובעטן. דער משורר ווייסט נישט פאַר וועמען צו בעטן. ער האָט אָנגעוואָרן זיין קדש־הקדשים ווינקל, וואוהין ער זאָל זיך קאָנען ווענדן. דער משורר זוכט ערגעץ בייזן לוחות, די אַלטע האָט ער שוין לאַנג צעבראָכן. — — —

פלוצלינג איז אָנגעפאַלן די נאַכט. א מאָדנע בענקשאַפט האָט זיך אַריינגעריסן אין האַרץ, און אַ טיפע אומצופרידנקייט פון אייגענעם לעבן, פון נישט דערפילטע פאַרלאַנגען. אַזוי פיל האָט צוגעזאָגט דער פרימאָרגן, אַזוינע גרויסע פאַרלאַנגען האָט דער טאָג אַרויסגערופן. און אָט ציט שוין דער טאָג זיין לעצטן זיפץ, און מיטן אַוועקגייענדיקן טאָג רייסט זיך אַרויס פונם האַרץ אַ שטיק נשמה, אַ שטיק וועזן, גלייך ווי דאָס וואָלט דער לעצטער טאָג געווען און דאָס לעצטע מאָל איז די זון אויפגעגאַנגען. און מאַכטלאָז ווערט ער אַנטשוויגן, און שטיל און איינגעהאַלטן בעט ער, בעט און איז מתפלל.

פאַר וועמען? — אומבאַוואוסט.

אַף וואָס? — אויך זיך, אויף עפּעס אַוועקגייענדיקעס, וואָס האָט געלעבט און פאַרשוואונדן, אויף פאַרלאַנגען, וואָס זענען צערונען אינם טיפן אומענדלעכן תהום פון וועלט און פאַרגאַנגענהייט.—

## IX



אַראַן שרייבער, וואָס זייער שטים טראָגט זיך צו אונז פון נעבל און טונקל פון זייער שאַפונגס-פּראָצעס. די פאַנטאַזיע איז פאַרפלייצט מיט געפילן און איינדרוקן, וואָס ווערן געבוירן און ווערן פאַרשוואונדן, עס קומען-אָן געהויבענע שטימונגען און עס פאַלן אָן שווער-דריקנדיקע, עס וואַקסט ליבע און האַס, אַנטציקונג און עקל, האָפנונג און אַנטוישונג, — און דאָס אַלץ מישט זיך אויס מיט באַגעגענישן, איינדרוקן און צוזאַמענשטויסונגען, און עס וואַרפט זיך די פאַנטאַזיע פון שטאַרקן ווייטאָק צו יום-טובדיקער פרייד. און ווען דאָס האַרץ געפינט זיך נאָך אינגאַנצן אין די בעצן פון אָט די אינערלעכע ברויזנדיקע כּחות, רופט שוין אַן אינערלעכן שטים צו שאַפן, אויסצוגיסן דאָס אָנגעקליבענע. ס'איז נישטאָ די געדולד איבערצוּוואַרטן די וואולקאַנישע תּקופה, עס פעלט די נויטיקע אינערלעכע קראַפט איינצונעמען און באַקעמפן דעם כאַאָטישן שאַפונגס-ווי ן. דער קינסטלער פאַלט אַריין אינגאַנצן אינם רשות פון זיין שאַפונגס-אימפּעט. ד ע ר אַרט שאַפן פאַרמאָגט היסטערישן געשריי, אינערלעכן פלאָנטער און פיבערישע שטימונג.

און פאַראַן שרייבער, וואָס לעבן-איבער אין זיך דעם שטורם-פעריאָד. פאַר יעדן שאַפונגס-פּראָצעס האָבן זיי אויפרעגונגס-מאָמענטן, וואַרפן זיך אין קאָנוואולסיווע ציטערנישן, זיי פאַרמאָגן אָבער גענוג אינערלעכע קראַפט און האַרמאָניע איינצונעמען די ברויזנדיקע געפילן און נישט צו באַווייזן זיך אין דער צייט פון איבעריקער אויפרעגונג און צערייצקייט.

ווער עס קאָן ביאַליקן פערזענלעך, ווען ס'איז אויסגעקו-

מען זיך צו געפונען אַרום אים און צוזען, ווי ער נעמט אויף איינדרוקן, געשעענישן, ווי ער רעאַגירט אויף מענטשן, ביכער, באַגעגענישן, — דער ווייסט, וויפיל איבערפליסנדיקע קראַפט ביאַליק פאַרמאָגט, וואָס ברויזט און שטראָמט אין אים אָן אויפהער, דער ווייסט, ווי גיך ביאַליק ווערט אויפגעפלאַקערט, ווי גיך ער פאַלט-אונטער אונטער מאָמענטאַלע איינפלוסן. לויט זיין כאַראַקטער און פסיכיק וואָלט ביאַליק באַדאַרפט אייגנטלעך געהערן צו די ערשטע.

אָבער ווי גרויס עס איז נישט אין אים דער אימפעט, ווי שטאַרק עס זענען נישט ביי אים די אויפרעגונג-אימפולסן, פאַר-מאָגט ביאַליק אין זיין שאַפן אַזאַ געוואַלטיקע געזעצקייט, צוועק-מעסיקייט און אויסגערעכנטקייט, וואָס איז לחלוטין גובר דעם אים-פעט און פאַרהאַלט דעם ברויזנדיקן שטראָם און דערלאָזט נישט, ער זאָל אַרויס פון די ברעגן און פאַרפלייצן. די גבורה און חיות ווערט דורך אים אויסגענוצט נישט אויף שליידערן, אויפרייסן, וואולקאַניזירן, נאָר פאַרקערט — אויף באַפעסטיקן, איינגרונטעווען, איינוואָרצלען.

פרובן מיר איצט אויפנעמען ביאַליקן אַלס אַ גאַנץ, לעבע-דיק און פאַרענדיקט געשטאַלט, דאַן גייט ער אויף פאַר אונז אַ רוהיקער, איינגעזעסענער, וואָס האָט אין זיך קרעפטיקע, שטייפע האַרמאָניע און פאַרהאַרטעוועטע, פאַריגלטע גאַנצקייט. זיין שאַ-פונגס-שטראָם איז נישט פאַרפלייצט געוואָרן ווייט, נאָר זיך גע-גראָבן אין דער טיף, ווי דער טייך, וואָס פליסט דורך פעלד און וואַלד, שמעלערט זיך און קומט ענדלעך צו אַ שטאַרקן וואַסער-פאַל. דער אויסגוס-שטראָם איז אַלץ שמעלער, אָבער שטאַרקער, שמעלער, אָבער טיפער.

ביאַליק טראָגט אויס יעדן געפיל, יעדן געדאַנק, ער לעבט איבער דעם שאַפונגס-פּראָצעס. עס ווערט אויסגעטיילט און אָפּגע-טיילט דער שוים, דאָס געברויזעכץ און עס בלייבט דער תמצית, דער עיקר, די עסענץ פון די איבערלעבונגען, שטימונגען, געפילן און אימפולסן, און ער דריקט עס אויס שפעטער אין געציילטע, געפרעסטע ווערטער, אין שטייפע, אָנגעלאָדענע שורות. די אויפ-רעגונג איז איינגעשטילט דורכן באַרוהיקטן, אינערלעכן פאַרשטאַנד.

אויסער אייניקע אויסנאַמען האָבן ביאַליקס לידער צוטאָן מיט דורכגעלעבטע און אַוועקגייענדיקע געפילן, וואָס האָבן שוין אָנגעוואָרן זייער רייץ און אויפרעגונג. די לידער זענען דער דיכ־טערישער סך־הכל פון גאַנצע לעבנס־פעריאָדן. אין ליד גופא וואַקסן שוין ווייניק די ברויזנדיקע געפילן, נישטאָ שוין דער שעפּפערישער פּלאָנטער. ער קומט צום ליד מיט קלאָרן ווילן און וויסן, מיט לויטערן פארשטאַנד. פון פריער אָן האָט ער צוימען אַרומגעשטעלט און וועג־צייכנס אָנגעמערקט. די רעפלעקסן בשעתן שרייבן גופא זענען ביי אים דערפירט ביז דער קלענסטער מאָס, דער עיקר ביי אים איז — איבערגעבן דאָס דורכגעלעבטע און דורכ־געפילטע. פיל לידער פאַרמאָגן הייסן, פלאַקערנדיקן טעמפּעראַמענט (אין די שטראָף־לידער — אויך פּאַטאָס), אָבער שטאַרקער פונם טעמפּעראַמענט איז די אינערלעכע האַרמאָניע, דער אינערלעכער גלייכגעוויכט. נישטאָ קיין איבריק וואָרט אין ליד, וואָס זאָל נישט פירן צום גאַנצן, נישטאָ קיין אָפּוועגדונגען פון שפּראַך־שפּילעריי פון גראַמען־צאַצקעריי. אַלץ אין ליד דינט דעם גאַנצן, יעדעס וואָרט איז פעסט איינגעמויערט אויף זיין אָרט, און ציט מען אַרויס איין וואָרט פונם ליד, ווערט צעוואָרפן די גאַנצע שורה, דער גאַנצער בנין.

געפילן, געדאַנקען און שטימונגען שאַפן שטענדיק אַן אינער־לעכן פּלאָנטער. דער וועג זייערער אינם האַרץ איז קיינמאָל נישט קיין גראַד־ליניקער. זיי רופן אַרויס אין דער נשמה באַהאַלטענע כחות, פריערדיקע, אַמאָליקע, וואָס האָבן קיין שייכות נישט צו דער איצטיקער שטימונג. ביאַליק קומט נישט צו אונז אין דעם פּלאָנטער, ווען פונם קנויל שטימונגען־איינדרוקן זאָל ער ערשט באַדאַרפן ציען פעדים פון באַוואוסטזיין, אַרויסקריסטאַליזירן דאָס פאַרנעבלטע. ער קומט צו קינסטלערישער שאַפונג, ווען די עיקר שעפּפערישע אַרבעט איז שוין דורך אים דורכגעמאַכט, די נעבלען זענען שוין צעטריבן און ס׳שיינט שוין אַרויס די קלאָרע זון, ווען די שטימונג איז שוין איבערגעגאַנגען אין אַן עראינערונג, און ער איז שוין בכח איבערצוגעבן זי אין אַן עפּישער פאָרם.

ביאַליק איז אַן עפּיקער פון געפילן און שטימונגען, מיט

אַלע מעלות פון אַן עפּ־קער: גאַנצע האַרמאָנישע שילדערונגען, פאַרענדיקטע פלאַסטישע פאָרמען און שטייפע, אינערלעכע רוהיקייט.

און אַזוי ווי זיין ליד איז דער פולסטער אויסדרוק פון דעם דורכגעלעבטן און דורכגעפילטן, איז ביי אים נישטאָ דער ווילן זיך אומצוקערן ווידער אַמאָל צו דער זעלבער טעמע. עס איז ביי ביאַליקן כּמעט נישטאָ קיין צוויי לידער, וואָס זאָלן איבערחזרן איין און דיזעלבע שטימונג. ווען מען שרייבט אין דער צייט, ווען די שטימונג האַלט אין וואַקסן, שרייבט ־ען פיל ע נ ל ע כ ע לידער, ווייל עס דוכט זיך, אַז יעדע שפּעטערדיקע ליד דריקט אויס בעסער און טיפער דעם אינערלעכן צושטאַנד, און אַזוי־אַרום באַקומען זיך צום סוף פיל לידער, גאָר ענלעך איינע אויף דער אַנדערער.

ביאַליק, דער גרויסער עושר פון ליכט און גבורה, לעבנסלוסט און איינדרוקן, איז אַ שטיק קמצן אין שאַפונג. ער ווייזט נישט די בליטן בעת זייער בליהונג, אין אָנהויב פון זייער פרילינג, ער וואַרט ביז עס ווערט אינגאַנצן צייטיק, און די פרי העגנגט שוין אַראָפּ פול, אָנגעלאָדען מיט זאַפט און קערן. נישטאָ ביי ביאַליקן לידער וועגן היילע שטימונגען, אָפּגעזונדערטע נאַטורבילדער, וואָס ווערן געבוירן, ווייזן זיך און ווערן גיך פאַרשוואונדן פונם האַרץ, איבערלאָזנדיק נאָר בלייכע ניואַנסן. אַלץ איז איינגעפלאַנצט און איינגעוואָרצלט אין האַרץ און מוח, אויסגעטראָגן און צייטיק, און ערשט דאַן ווערט עס איבערגעגעבן אין פאַרענדיקטע פאָרמען און געשטאַלטן. און דעריבער אפשר איז ער אזוי קאַרג אין זיין שאַפן. דעריבער גייען דורך יאָרן און יאָרן, ווען ביאַליק פאַרעפענטלעכט נישט קיין לידער. דאָס ליד מוז זיין ביי אים דער פולסטער, קלאָרסטער אויסדרוק פון אַ אַדורכגעמאַכט לעבן, פון אַ אַדורכגעלעבטער שטימונג, דאָס ליד באַדאַרף סינטעזירן דאָס אַוועקגעגאַנגענע, דאַרף פאַרריגלען דעם אָפּגעגאַנגענעם וועג.

ביאַליק איז אין זיין דיכטונג דורכויס באַוואוסטזיניק. דער באַוואוסטזיין בכלל איז איצט איינגעוואָרצלט אינם מוח און געפיל פון דער איצטיקער פערזענלעכקייט, און ס'איז שווער אָפּצוטיילן דעם באַוואָוסטזיין פונם קינסטלער. דער באַוואוסטזיין אָבער ווערט

סוביעקטיוו, אויף וויפיל ער פירט סוף־כל־סוף די געשעעענישן־אייב
ד.וקן צו דעם פונקט, וואָס איז פאַרן דיכטער ליב און טייער או
שטרייכט אַזוי אַרום אונטער דאָס נאָנטע און געוואונשענע. פאַ־
ראַן דיכטער, וואָס דורכן באַוואוסטזיין ווערן זיי געפירט צום כאַאָס,
צום דיכטערישן מישמאַש און פלאָנטער. ביי ביאַליקן רעגולירט
דער באַוואוסטזיין די צעשויבערטע געפילן און צייכנט אָן דעם
גלייכן וועג פאַר אייגענעם זוכן און שטרעבן. דער באַוואוסטזיין
דערווייטערט אייניקע עלעמענטן און רוקט אַרויס בולטער אַנדערע.
דורכן באַוואוסטזיין קומט ביאַליק פונם קלאַנג צום אָפּקלאַנג. דער
קלאַנג קאָן פאַרטומלען, פאַרטויבן, דער אָפּקלאַנג אָבער איז שטענ־
דיק ריינער און האַרמאָניש־אויסגעהאַלטענער. ביאַליק האָט אין
זיינע לידער כמעט שטענדיק געגעבן דעם אָפּקלאַנג. אַן אויסנאַם
זענען אייניקע פון די ווינטער־מאָטיוון און די שטראָף־לידער, וואָס
פליסן אַריבער די ברעגן און פאַרהילכן דעם פאָרגע־
דאַנק און די וועלט־אָנשויאונג.

X

ון וואַנען שטאַמט ביאַליקס באַוואוסטזיין?
מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז פונם ערשטן שיר
אָן איז ביאַליק געווען געפירט דורכן נאַציאָנאַלן
באַוואוסטזיין. דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו האָט נישט
אויפגעהערט צו הערשן אין זיין גאַנץ דיכטעריש
לעבן. אין אַלץ האָט ער געזוכט די מאָמענטן, וואָס פירן צום
נאַציאָנאַלן טראַגיזם און נאַציאָנאַלן פראָבלעם. מער פון אַלץ
האָט געלעבט אין אים דער ווידערשפרוך פונם נאַציאָנאַלן אידע־
אַל מיט דער ווירקלעכקייט, — דאָס האָט אַרויסגערופן די רעאַקציע
ביי ביאַליקן.

ביאַליק מיידט אויס די פערזענלעכע, אינדיווידועלע מאָטיוון,
ער האָט זיך פונאַנדערגעטיילט, אָפּגעטיילט פאַר דער שאַפונג די
נאַציאָנאַלע, כּללישע מאָטיוון און דאָס אייגענע אינטימע לעבן פאַר־
באַהאַלטן פון דער ספערע פון זייז דיכטונג, און אַזוי אַרום איז

פיל פילפאַרביקס און פאַרוויקלטס, קרענקלעכס און פאַרוויטאָגסט, וואָס האָט געלעבט, געוואָקסן און געמערט זיך אין די מוחות און הערצער פונם יידישן יחיד פאַר די לעצטע צוואָנציק יאָר, דער גאַנצער וועג, וואָס די יידישע פערזענלעכקייט האָט דורכגעמאַכט אין דער זעלבסט באַשטימונג, פאַרלוירן געגאַנגען פאַר ביאַליקס שאַפן. פאַר דעם היינטצייטיקן ייד איז ביאַליקס שאַפן איבערגעדיכטעטע געשיכטע, קאַנאָניזירטע, פאַרהאַרטעוועטע שענקייט, אַ פאַרענדיקטע אָפּשאַצונג פון דער פאַרגאַנגענער צייט. זיין דיכטונג רעדט מע־רער צום נאַציאָנאַלן געפיל און פיל ווייניקער צום פערזענלעכן. ביאַליק האָט זיך נישט געריסן אינם תוהו ובוהו פון דעם יידישן פסיכישן גייסט, ער האָט פאַרטיפט דאָס נאַציאָנאַלע פראָבלעם. נאָר אין די לעצטע יאָרן, ווי מיר האָבן געזען, האָט זיך ביאַליק פאַר־טיפט אין די אינדיווידועלע איבערלעבונגען, און עס האָבן זיך גע־לאָזט הערן אין זיין דיכטונג האַלבע קלאַנגען, שטיקער שטימונגען. און ביאַליק האָט געגעבן עטלעכע באַהאַרציקטע לירישע לידער, גרויסן־שאָטן פון אייגענעם אַרומבלאָנדזשען איבער אייגענע חורבות, זיפצן־קרעכצן פון פערזענלעכע וויטאָקן־וואונדן. אָבער ביאַליק כאַפּט זיך צוריק און נישט איינמאָל פרוווט ער ווידער זיך אומ־קערן צו די פריערדיקע אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע מאָטיוון.

ביאַליק איז נישט קיין ליריקער, הגם אין זיין דיכטונג איז דאָ אָן אַ שיער ליריק. דער ליריקער איז שטענדיק סוביעקטיוו, אינדיווידואַליסטיש. דער ליריקער דערציילט וועגן טונקלס און אומקלאָרס, וואָס לעבט אין האַרץ און אין געפיל, ער פירט דורך אין זיין שאַפן די אינטימע וועגן, וואָס עס מאַכט דורך זיין אי־נערלעכע וועלט. ער דעקט אויף די אינזיכעדיקע טיפענישן און אָפּגרונטן און עס ווערן אַזוי אַרום אויפגעדעקט די ליכט און שאָטן פון דער פערזענלעכקייט, — דאָס אַלץ גרענעצט זיך מיט פסיכאָ־לאָגיע, מיט פסיכישער ליריק. אָט דער פסיכישער עלעמענט איז זייער שטאַרק ביי דעם דיכטער, וואָס שרייבט אין צייט פון אויפ־רעגונג, באַגייסטערונג און אַנטוישונג, — דאַן פילט זיך זיין הויך, עס הערט זיך זיין האַרץ־ציטער, און עס רופן זיך אָפּ אויף דער שאַפונג די אינערלעכע קנייטשן און ווענדונגען די מענטשלעכע

ליידן און אנגסטן, ליידנשאַפט און ערשיטערונג, מיט וואָס די ראַפינירטע פּערזענלעכקייט איז רייך, פעלן אויס ביי ביאַליקן. ער באַהערשט אין זיך דאָס פּערזענלעכע, און גיט נאָר דאָס, וואָס איז דערוואָקסן צו כּללישעס.

ביאַליק, ווי געזאָגט, איז נישט דורכאויס קינסטלער, וואָס לעבט שטענדיק אין שאַפונגס-וועלט, און וואָס אַלץ אין לעבן איז ביי אים שטאָף פאַר שאַפן. די וועגן, וואָס פירן פון זיין פּערזענלעך וועזן צו זיין שאַפן, ווערן איבערגעהאַקט, גייען נישט גלייך צום קינסטלערישן אויסדרוק, זיי קערן זיך דאָס רוב אום צוריק צו אים. מאָפּאַסאַן האָט זיך געקלאָגט, וואָס ער קאָן נישט געניסן פון לעבן, ווי אַ פּשוטער מענטש, און אַז אָן זיין ווילן דרינגט שטענדיק אַריין דער קינסטלער אין אַלע זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען און שאַפט דערפון גלייך ליטעראַטור. ביאַליק און דער קינסטלער אין אים זענען אָפּגעטיילט, — פריער ע ר, דערנאָך דער ק י נ ס ט ל ע ר. עס גייען דורך צייטן, און ביאַליק שרייבט גאָרנישט, — דער קינסטלער אין אים האָט נישט די פּאַסנדיקע שטימונג און מעגלעכקייט צו שאַפן. זעלטן נאָר איז דער קינסטלער אין ביאַליקן געגאַנגען צוזאַמען מיט אים. דאַן איז ביאַליק דער קינסטלער אַרויס פון זיין דיכטערישער רוהיקייט, און זיין שאַפן קומט דאַן פון דער ברויזנדער תּקופה, פון דער מעשה-יצירה-צייט. בכלל אָבער זענען פיל פון זיינע לעבנס-געשעענישן דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם קינסטלער, נישט אויסגענוצט און נישט איבערגעדיכטעט. צוויי מאָל האָט ביאַליק פאַרבראַכט אין פּאַלעסטינע, די נסיעות האָבן אַרויסגערופן אין אים אַ גאַנצע געפילן-וועלט, און דאָך איז דער דיכטער צום וואָרט נישט געקומען. די ברויזנדיקע רעדלעך, אין וועלכע דער אויסגוס האָט זיך צעשטראָמט, האָבן זיך נאָך נישט איינגענומען, עס איז נאָך שווער אַריינקוקן אינם טיפן אָפּגרונט.

ביאַליק איז איינגעוואָרצלט אין דעם יידישן קאַנאָניזירטן קולטור-באָדן, פון דאַנעט שפּייזט ער זיך, — און ער קאָן נישט אַרויסוואַקסן פון אָט דער וועלט. ער שאַפט נישט קיין איבערוועלט, אַ פאַנטאַסטיש-קינסטלערישע וועלט, ער שטייט דורכויס

אויף דעם פעסטן באָדן. זיין טרוים איז ממשותדיק, נישט די פאַנ־טאַסטיק באַצויבערט אים, נאָר דער אידעאַל. אחד־העם, דער אויס־גערעכנטער, דער אייביק ־ סקעפּטיקער און איינצייטיק שטענדיק זעלבסט ־ צופרידענער, איז פאַר אים געוואָרן דער שטערן, דעם טורם אין מיטן ים. אַלע ווייסן זיין אָדע־לויב־געזאַנג צו אחד־העמען.

ביאַליק איז אין זיין דיכטונג נישט געווען קיין זוכער, אין זיין שאַפן האָבן זיך ווייניק־וואָס געפלאָנטערט און געזוכט קינסטלערישן תּקון וועלט־סודות און מענטשן־פּראָבלעמען. אין יע־דער פראַגע איז געלעגן די תשובה און פ אַ ר די ליידן איז שוין גרייט געווען די תּרופה.

דער עכט־סוביעקטיווער קינסטלער זעט קודם־כּל זיך אַליין, און פון אים ערשט הויבן אָן פונאַנדערגיין וועגן און וועגעלעך אין דער ברייטער וועלט אַריין. דער קלענסטער ציטער אין אייגע־נער נשמה רופט זיך אָפּ מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אויף זאַכן און געשעענישן, וואָס דער דיכטער נעמט אויף. די ווערק פון דעם סוביעקטיוון דיכטער דערציילן שטענדיק מער וועגן אינערלעכן וועזן, ווי וועגן אַרומיקער וועלט.

ביאַליקס לידער זענען נישט דער פולסטער אויסדרוק פון זיין אינערלעכער וועלט, פון זיין כאַראַקטער, אַרט־פילן און אויפ־נעמען די וועלט. ווען מיר וואָלטן לויט זיינע שירים געוואָלט דער־גיין וועגן זיין אינערלעך וועזן, וואָלטן מיר עס נישט געקאָנט. אָבער דאָס, וואָס עס איז כמעט ווי פאַרבאָרגן אין די העברעישע לידער, געפינען מיר אין זיינע עטלעכע דערציילונגען און אין די י י ד י ש ע לידער. דאָרט טרעפן מיר דעם ל ע ב ע ד י ק ן ביאַליק, מיט זיינע אוממיטלבאַרע, רויע און ברויזנדיקע געפילן, וואָס זענען ווייניק אָביעקטיוויזירט געוואָרן. דאָ געפינען מיר מער עלע־מענטן פון זיין געזונטער און געשמאַקפולער נאַטור. אין די דער־ציילונגען און די יידישע לידער איז ער נענטער צו זיך, נאַ־טירלעכער, פּראָסטער. זיין נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע האָט דאָ קיין שליטה נישט, דאָ איז זי מער אוממיטלבאַר, מער פראַנק און פריי, מער וואויל־יונגעריש.

און אין דעם פּרט זענען מערקווירדיק און זייער כאַראַקטע-ריסטיש זיינע דערציילונגען „אריה בעל-גוף" און „מאַרינקע". ביאַליק איז דאָ באַאיינפלוסט פון שטראָמענדיקע, שוואַרץ-ערדישע כּוחות. אויף יעדן זייטל פילן מיר דעם געזונטן ריח פון דער פע-טער, זאַפטיקער ערד, פילן די הייס-גליענדיקע זון, די קרעפטיקע רחבות, וואָס עס טראָגן אין זיך חנינא ליפּא און אריה בעל-גוף.

אַ פּאָר אויסצוגן פון „מאַרינקע":

„נח פלעגט דערציילן אַ סך, אַ סך, מיט האַרץ און מיט התפּעלות און מיט שבועות. בעת מעשה פאַרפאַרבן זיך ביי אים די בעקלעך פלאַם-פייער און די אויגן צעשפּילן זיך ביי אים".

„נח האָט אָבער נישט געהערט. משוגע פאַר גרויס פרייד און יונגער אָנגעשטראָמטער קראַפט גיט ער זיך פלוצים אַ וואָרף אויף דער ערד, שטעלט זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ און קערט זיך אי-בער, וואַרפנדיק מיט הענט און פיס, ווי אַ ראָד אויף פיר שפּיצן, וואָס קייקלט זיך זעלבסט".

„נח איז געוואָרן ווי באַטרונקען. די קילקייט פון די שאָטנס, דער געשמאקער ריח פון די פרוכטן און דאָס צווישטשערן פון די פייגעלעך — דאָס אַלץ האָט אים באַרוישט און ווי פאַרדולט דעם קאָפּ".

איז דען דאָ נישט דער גאַנצער א מ ת ע ר, נ אַ ט י ר ל ע-כ ע ר, א ו מ מ י ט ל ב אַ ר ע ר ביאַליק?

עס איז קלאָר: די ערשטע רעפלעקסן אין ביאַליקס נאַטור זענען געשמאַקפולע, ליכטיקע, באַהאַרציקטע. אַזוי נעמט ער אויף וועלט, מענטשן, געשעענישן, — דערנאָך קומט ערשט דאָס געדאַנק-לעכע, פאַרצווייפלטע. אין „אריה בעל-גוף", „מאַרינקע", פריילעכס", „מיין גאָרטן", — וואו עס איז נישטאָ קיין דיסטאַנץ צווישן אויפ-רעגונג און שאַפן, — דאָרט איז מער דאָ דאָס נאַטירלעכע, אוממיטל-באַרע, ממשותדיקע און מגושמדיקע, וואָס איז נאָך נישט דורכגע-גאַנגען דורכן פילטער פון פאַרצווייפלונג און אָפּהענטיקייט.

## XI

 וויכטיקע באַדייטונג האָט געהאַט פאַר ביאַליקס שאַפן דער כאַראַקטער און באַזונדערע אייגנשאַפטן פון לשון-קודש. צוליב דער שפּראַך ווערט ביאַליק נישט ווילנדיק אָפּגעריסן פון דער רעאַלער וועלט. ביאַליק לעבט מיט דער שפּראַך איר לעבן. ער פאַרנעמט די גאַנצע טיפקייט, די נשמה און חיות פונם וואָרט; די לשון-קודש ווערטער האָבן זייער אייגענעם סטיל, זיי לעבן מיט אַן אייגענער דור-דורותדיקער טראַדיציע. פיל ווערטער האָבן פאַר די הונדערטער יאָרן אָנגעוואָרן זייער לעבנס-דופק, פיל האָבן איינגעזאַפּט אין זיך פאַרשימלט-פאַרגעלבטן מליצה-ריח, אין פיל פון זיי שוועבן אַרום שאָטנס פון רייכע היסטאָרישע געשעענישן. עס איז געווען דעריבער אַ שווערע און קאָמפּליצירטע קינסטלערישע אַרבעט אַרויפצוברענגען ווערטער, פאַרשרומפּענע און פאַרשטויבטע פון לאַנגע יאָרן, איינגעשטעלטע און פאַרשלאָסענע מיט זייער טעם און ריח און אַריינהויכן אין זיי לעבעדיקן אינהאַלט, נייע געפילן און פאַרבן. ביאַליק — דער ערשטער עכט-וועלטלעכער העברעישער משורר — האָט גובר געווען די שווערע, אָבער דאַנקבאַרע אויפגאַבע: פון דעם רייכן שפּראַך-אוצר און, אין דער זעלבער צייט, פונם גרויסן סבל-הירושה פון דער העברעישער מליצה אַרויסרייסן ווערטער און אַריינבלאָזן אין זיי פריש בלוט און נייע נשמה. דאָס וואָרט האָט באַקומען דורך ביאַליקן לעבן און פאַרב, גבורה און סטיל. נישט נאָר אין די שטראָף-ווערק, וואו ער האָט געהאַט פאַר זיך די נביאים, נאָר אויך אין די נאַטור-שילדערונגען און ליבעלידער האָט ביאַליק געשאַפן שפּראַכלעכן וואונדער. ביאַליק איז דער ערשטער, וואָס האָט געמאַכט די העברעישע שפּראַך אַזוי בויגיק און זאַפטיק, קערנדיק און קאָלאָריט-רייך. יעדעס וואָרט איז אָנגעלאָדן, וועגט און איז שווער אויף דער וואָג.

ביאַליק האָט די לשון-קודש ווערטער מחיה-מתים געווען, קיינער ווי ער האָט נישט אַזאַ שפע און אַזאַ שלל פון ווערטער. אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט פאַרפירן פון דער שפּראַך.

ער הערשט אויף דעם וואָרט, באַהערשט אים, אָבער קיינמאָל הערשט נישט דאָס וואָרט אויף אים. עס איז זייער אַ שווערע אויפגאַבע: ביי דער גאַנצער עשירות פון דער העברעישער שפּראַך, ביי דער גאַנצער ראַשיקייט פון דעם מליצה-שטאָף, וואָס העברעיש פאַרמאָגט, נישט צו ווערן משועבד צו דער שפּראַך.

אויך אין די יידישע לידער איז דאָס וואָרט ביי ביאַליקן זאַפטיק און אָנגעלאָדן, אָבער דאָ זענען דאָ מערממשותדיקע, מער ווירקלעכע שטריכן. עס פעלט דער גייסט פונם וואונדערלעכן שפּראַך-מייסטער. די העברעישע לידער האָבן מער קאָנצענטרירטע שטייפקייט, מער מייסטערהאַפטע געשליפנקייט, מער קינסטלערישע שפּראַך-קאָמבינאַציע און מערקווירדיקע שפּיל פון ווערטער. אין די יידישע שירים — מער אוממיטלבאַרע געפילן, מער האַרץ - קלאַפּן, מער האַרציקע פשטות. די העברעישע לידער זענען פאָלקאָמער, זיי האָבן סקולפּטור-אויסגעטאָקטקייט, זיי צייכענען זיך אויס מיט אַ וואונדערלעכן צמצום, די יידישע לידער האָבן מער בלוט און פלייש, מער שטיפעריי און גוטמוטיקייט.

און מערקווירדיק: ביאַליק, וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיל באַהאַרציקטע אַנטציקונג, האַרמאָניע און גלייכגעוויכט, וואָס האָט צייטנווייז דערגרייכט צום אמתן עפּאָס, האָט נישט געשאַפן דעם ניי עם סטיל, וואָס ציט זיך פון לעבן אין קונסט און פון קונסט אין לעבן. אין די פּאָר דערציילונגען און אין אייניקע לידער באַווייזט ביאַליק, וויפל חוש און פאַרשטאַנד ער האָט פאַר דעם לעבנס-סטיל. ער וואָלט אָן ספק אויף דעם געביט געקאָנט שאַפן באַדייטנדיקע ווערק, ווען זיין גייסטיקע אַטמאָספער וואָלט נישט געהאַלטן אין איין שטיקן אין אים די געזונטע כוחות און נישט קולטיווירט אין ביאַליקן פאַרצווייפלונג און פאַרהאַסונג און דערמיט אָפּגעווענדט אים פון פאָלקס - שאַפן, פאָלקס - שפּראַך און פאָלקס-מאָטיוון.

הינטער די געשטאַלטן פון אריה קאַצאַפּ און נח פון „מאַרינקע" ליגט פונאַנדערגעוואָרפן אַ קרעפטיק שטייף לעבן מיט אַן אייגנאַרטיקן לעבנס-שטייגער מיט אַ סטיל און קאָלאָריט, וואָס דאָס פאָלק האָט געזאַמלט דורות-לאַנג. פון די פּאָר מעשיות שיינט

אָפּ דער אָפּשיין פון פאָלקס־נשמה, און עס טראָגט זיך פון דאָרט דער קלאָרער אָפּקלאַנג פון האַרמאָנישן, גאַנצן, ראַשיקן פאָלקס־לעבן. ביאַליק אָבער האָט באַוויזן נאָר איינצלנע אָפּגעריסענע ביל־דער, און דאָס גרויסע, פאַרביקע, וואָלינער יידיש לעבן, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין נשמה, איז פאַרבליבן אין אים. און אַזוי ווי ער האָט געשעפּט חיות און שפע, זאַפט און קראַפט פון דער וואָלינישער קאָלאָריט־רייכער נאַטור, וואָלט ער אויך פון דעם יידישן וואָלינישן פאָלקס־לעבן געקאָנט שעפּן גענוג שטאָף פאַר שענע קיסטלערישע ווערק. דאָס וואָליניש־יידישע לעבן האָט פאַר־מאָגט אַזוי פיל אינערלעכע שירה און פאַרביק־רייכן פאָלקסטימ־לעכן סטיל. באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר, פולנאה, דובנע, סלאַוואוטע, שעפּעטאָווקע, אָפּטע, שפּאָלע, בראַסלאַוו — אין זיי ליגן פאַרגראָבן אוצרות פון שעפּעריש פאָלקס לעבן, מיט אַן אייגנאַרטיקן איינ־געוואָרצלטן לעבנס־נוסח מיט וואונדערבאַרע פאָלקס־העלדן. און מערקווירדיק איז, וואָס דער בעל־שם, באַרדיטשעווער רב, שפּאָלער זיידע, רב נחמן בראַסלאַווער, פּדהצור דער כּלי־זמר — די אמתע פאָלקס־מענטשן, וואָס דאָס פּרימיטיוו־נאַאיווע וואָלינישע פאָלקס־שאַפן האָט צוגעגעבן זיי פיל פון אייגענעם חיות און אייגענעם סטיל, — זיי אַלע האָבן באַקומען זייער קינסטלערישן תּיקון נישט דורכן וואָלינישן ביאַליק, נאָר דורך דעם פּוילישן פּרץ. ביאַליק האָט מער געלעבט מיט דער פאַרשטיי־בערטער, דורך דער געשיכטע פאַרהאַרטעוועטער קולטור (מתי מדבר), ער האָט געהאַט שילדערונגס־שטאָף, אויפרעגונגס־קראַפט פאַר דער חורבן־תּקופה (מגילת האש) און איז דורכגעגאַנגען פאַר־ביי די פלאַסטן־שענקייט, פאַרביי דעם אייגנאַרטיקן פאַטריאַרכאַלן יידישן לעבן אין וואָלין.

דער שטראָם פון פאָלקסלעבן און פאָלקס־שאַפן האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין דער יידישער ליטעראַטור דורך מענדע־לען, פּרצן, שלום־עליכמען, אַשן. ביאַליק איז פאַרבליבן אויף בערג־שפּיצן פון אַבסטראַקטער רוח־היהדות, פאַרבליבן לעבן מיט די קאָנסערווירטע, ראָמאַנטישע טרוימען פון דעם פאַרעקשנט אָנגעשטאַנענעם העברעיסטיש ווערטל.

---

אויף דער גרענעץ פון צוויי תקופות שטייט ביאַליק.

ער איז דער גרעסטער און אפשר אויך דער לעצטער אויס־דריקער פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג. דורך אים איז די יידישע נאַציאָנאַלע דיכטונג דורכגעגאַנגען אַ שטיק וועג, ער האָט אין פאַרשטייפטע, פאַרענדיקטע פאָרמען קאָנאָניזירט די אַלטע בית־המדרש יידישקייט און דערפירט זי ביז וועלטלעכער שענקייט. ער האָט דורכגעוואָרפן דעם בריק צווישן צוויי דערווייטערטע וועלטן,— צווישן דער מיטלאַלטערישער, רבנישער און דער וועלטלעך־קינסט־לערישער. און ער אַליין איז געבליבן שטיין אין מיטן: ער פאַר־מאָגט ראַפינירטע שעפערישע מעגלעכקייטן, וועלטלעכע קינסטלערי־שע פאָרם, — און איינצייטיק לעבט זיין גייסט אין „אַ לעבן, וואָס איז שוין לאַנג בטל”, און זיין נשמה שפייזט זיך אַלץ מיט קולטור, וואָס איז פאַרמשפט צו ווערן געשיכטע.

ביאַליקס שאַפן אַליין גייט שוין איבער אין נאַציאָנאַלע ווערטן, אין קאַנאָניזירטע נאַציאָנאַלע ווערטן. ער פאַריגלט מיט זיך די משכיליש־טרוימערישע רייסעניש צו וועלטלעכקייט, צו קאָסמאָס.

ביאַליק איז דער גרעסטער נאַציאָנאַלער יידישער דיכטער פון דער לעצטער צייט.

ער האָט דער ערשטער אויך אַרויסגעפירט די יידישע פּאָ־עזיע פון ענגן משכילישן קרייז אויף דעם ברייטן וועג פון אמתער דיכטונג, פון עכטער אינטואיטיוו־שעפערישער קונסט.

# דוד בערגעלסאָן

## (אַ פּאָר ווערטער)



וד בערגלסאָן פון זיין ערשטן אַרויסטריט אין דער יידישער ליטעראַטור איז אַ באַזונדערער, אייגנאַרטיקער, מיט זיין אייגענעם טאָן און סטיל, מיט זיין אייגענעם כאַראַקטער און קאָלאָריט. אַ באַקאַנטער קריטיקער האָט אַמאָל געהאַט אויסגעוואָרפן, אַז בערגלסאָן שטייט שטענדיק עפּעס אָן דער זייט, נישט אַריינגעצויגן אינם אַ ל ג ע מ יי נ ע ם ליטעראַרישן געוויכער. דאָס איז דער בולטסטער באַווייז פון זיין אינדיווידועלער גרויס און אייגנטימלעכקייט. דער פאַרשטאָרבענער א. ווייטער אין דעם ערשטן אָפּרוף וועגן בערגלסאָנס „אַרום וואָקזאַל" האָט געוואָרפן אַ וואָרט, אַז בערגלסאָן האָט גובר געווען מענדעלען, אַשן. אָבער דער קינסטלערישער שטח זייערער איז גאָר אַן אַנדערער, און קיין צוזאַמענשטויס איז נישט געווען און ממילא קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן גובר זיין זיי.

בערגעלסאָן איז דער סאַמע סוביעקטיווסטער צווישן אַלע יידישע שרייבער. זיינע ווערק, אַפילו די רעאַליסטישע און רעאַלע, זענען טיף־עלעגיש און שטאַמען מער פון אינער׳עכן קינסטלערישן שויס, ווי פון אויסערלעכערווירקלעכקייט. דער אָנהייבוועג פון זיין שאַפן מעג זיין ערגעץ וואו אין דער ברייטער וועלט, אין אַ רעאַלער סביבה, אָבער ער קרייצט זיך איבער אין די אינטימע, סוביעקטיוו־פאַרטיפטע שטימונגען־מאָטיוון פון בערגלסאָנס דיכטערישער נשמה, פאַרלירט שוין פיל פון זיין הילכיקייט און געטומל. און וואַקסט אַריין און ווערט צונויפגעפלאָכטן מיט זיין אינערלעכער, אינטים־נאָגנדיקער וועלט. און די ברייטע וועלט מיט איר אויסערלעכער רחבות און צעגאָסנקייט ווערט אַלץ שמעלער און שמעלער און ווערט שוין אַ שטיק „איך" פונם קינסטלער, באַקומט שוין אַ בערגעלסאָנישן קאָלאָריט און סטיל. און די סבי־

בה, די נאַטור, די טיפן, די פאַרהעלטעניש צווישן אייגעם און דעם צווייטן וואַקסן נישט פון אויסן, קומען נישט פון דער פעריפעריע אין אַ צענטער, נאָר כאַרקערט פון אינעווייניק, פון צענטער, פונם קינסטלערישן צענטער צו דער פעריפעריע. און דאָס לעבן און וועזן אין ווערק פאַרלירט די מעכאַנישע געזעצן פון אויסן און ווערט געטריבן פון אינערלעכן דראַנג פונם קינסטלער. לעבט דערום אין אַזעלכע סוביעקטיווע ווערק מער דער אויטאָר איידער דאָס לעבן גופא, און די טיפן זענען ווי פאַרבלעפט פון דעם אויטאָרס אינטואיווער קראַפט.

בערגעלסאָנס אַלע טיפן — ביינוש רובינשטיין אין „אַרום וואָקזאַל", מירעלע הורוויץ פון „נאָך אַלעמען", חיים משה פון „אָפּגאַנג" און אַלע איבעריקע, סיי מענער, סיי פרויען,—טראָגן אין זיך אַחוץ אייגענע כאַראַקטער-שטריכן, אַ חוץ אייגענעם ווילן און דראַנג, אויך אַ שטיק בערגעלסאָנישע נשמה, וואָס באַגלייט זיי אויף יעדער שריט און טריט, באַפאַרבט זייער יעדע גרעסערע אָדער קלענערע געשעעניש און פאַריומטובט זיי דאָס נודנע-וואָכעדיקייט פון דעם אַרום און אַרום. און אויף וויפל יעדער פון זיינע טיפן, סיי וויכטיקע און סיי נישט וויכטיקע, קומט אין די ווערק נישט אַ פאַרענדיקטער, פאַרהאַרטעוועטער פון לעבן גופא, נאָר האַלט ערשט אין אויסשיילן זיך, פיקט זיך ערשט אויס אין דעם אויפוואַכעדיקן און צום לעבן-געקומענעם אינטואיטיוון שאַפן פון בערגעלסאָנען, אויף אַזוי פיל איז יעדער טיפ ביי בערגעלסאָנען אַ שאַפנדיקער, איז פיל מיט אינטואיציע, מיט עמאָציעס. און וויפיל דער טיפ זאָל נישט וועלן זיך באַפרייען פונם פאַרכשופטן קרייז פונם אויטאָר, געלינגט עס אים נישט. בערגעלסאָן לאָזט קיינמאָל נישט אַרויס זיין העלד אויף פרייער ברייטער וועלט, אויף הפקר, אויף ווייטע וועגן-שטעגן. מיט אָן אַ שיעור געהיימע און נישט געהיימע פעדעם זענען אַלע זיינע טיפן פאַרבונדן מיט אים און זיי זענען אין אַלע זייערע מעשים און מחשבות בכנע און משועבד צו אים. און אויף איין ווילע הערט נישט אויף אין אַלע זיינע ווערק צו לעבן בערגעלסאָן. און זיין געמיט און גייסט טוט רוען אויף אַלע קנייטשן, העויות, ווינקעלעך פון זיינע

מענטשן און סביבה. און אפשר איז פאַראַן אַ באַגרענצונג אין
זיינע ווערק, מען קערט אָפּ פון ברייטן דרך-המלך און מ'לאָזט
זיך אויף שמאָלע שטעגעלעך, וואו איינצעלנע גייען אַדורך זייער
לעבנס-וועג. בערגעלסאָנס ווערק זענען ווי פאַרהילט אין דעם גע-
דיכטן שאָטן פון זיין פערזענלעך דיכטערישן „איך”. ווייל בער-
געלסאָן איז אפשר מער דיכטער, ווי פּראָזאַיקער,
מער עלעגיען-שרייבער ווי אַן עפּישער שיל-
דערער. און אַלץ: די האַנדלונג, די אַרומיקע אַטמאָספער,
די ווירקלעכע ווירקלעכקייט איז באַ אים באַפאַרבט, באַשיינט מיט
זיין אינערלעכן שיין און זיי קומען אַרויס אין זיינע ווערק אויף
אַזויפיל, אויף וויפל זיי פאַרגאַנצן זיין שטימונג, זיינע אַלגע-
מיינע מאָטיוון, וועלכע עס וועקט אין אים די אויסערע וועלט. די
האַנדלונג, די ווירקלעכקייט איז נאָר דער פאָן, אויף וועלכע זיי-
נע סילועטן-טיפּן, — מער פאַרהילטע אין שאָטן, ווי העלע, אויפ-
געשיינטע, — דרייען זיך אום און שאַפן זייער לעבנס-לעגענדע.

---

אין אַ צייט פון געזעלשאַפטלעכער אַפּאַטיע און אַלגעמיינער
נידערגעשלאָגנקייט איז בערגעלסאָן גייסטיק אויסגעוואַקסן, אין די
יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 — 1906, ווען דאָס פּאָלי-
טישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן איז כמעט ווי אַנטשוויגן געוואָרן.
די ברייטע האָריזאָנטן זענען פאַרשוואונדן און ס'איז אָנגעקומען
אַ צייט פון קליינע מעשים און נישטיקע השגות. אַלע האָבן זיך
פאַריקט אין די אייגענע ענגע ווינקעלעך און גענומען ציען אַ
פאָדעם פון אייגענעם לעבן, פון אייגענע חשבונות. דאָס קאָלעק-
טיווע האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט דעם פּערזענלעכן, און געזעל-
שאַפטלעכע אידעאַלן — די סוביעקטיוו-פּסיכישע גריבלענישן. פריי-
ער האָט דער קוואַל גערוישט, געקוועלט מיט אימפּעט, דערנאָך
זענען די וואַסערן פאַרגאַנגען אין אַ פלאַכן שטח און צווישן ביי-
מער און גראָזן שטיין געבליבן. און בערגעלסאָן האָט געטרונקען
פון די שטייענדיקע וואַסערן. נישטאָ קיין געזעלשאַפטלעכער פּאַ-
טאָס, נישטאָ קיין שטורמדיקע הילכיקע קלאַנגען, נישטאָ קיין
קרעפטיקע, סטיכישע שטראָמען.

„אין פאַרטונקלטע צייטן" — אַזוי האָט בערגעלסאָן אָנגערופן דעם ערשטן טייל פון זיין גרויסן ראָמאַן, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין דעם ערשטן זאַמלבוך „אייגנס" (קיעוו 1917) און פון פאַרטונקלטע צייטן זענען זיינע אַלע איבעריקע ווערק. אומעטום גייען אַרום טיפן געוועזענע מיט אַ רייכער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט, מענטשן וועלכע האָבן געשטורעמט, געווירקט, געהאַט השפעה, באַגייסטערט און אַנטציקט און איצט שפּאַנען זיי אַרום מיט אַן אויסגעלאָשן פייער אין האַרצן, מיט אַן אינערלעכן ריס אין דער נשמה, — און זיי אַלע טראָגן אַרום מיט זיך און מיט זייער גאַנץ וועזן די טיף־נאָגנדיקע בענקשאַפט פון בין השמשות און געפינען זיך קיין אָרט נישט אין ארומיקן אָפּגעשטאַנענעם און אויסגעלאָשענעם לעבן. ווי נאָך אַ גרויסע שרפה: אומעטום חורבות, האָלעוועשקעס, אָבער דאָך טליען נאָך פונקען ערגעץ־וואו, און אַ ליאַדע ווינטל קאָן עס אין אַ פלאַם פייער אויפבלאָזן. און בערגעלסאָנס אַלע ווערק, פון ערשטן „אַרום וואָקזאַל" ביזן לעצטן „אָפּגאַנג" — זענען ווי איין לעבנס־מעלאָדיע, איין דיכטונגס־געשיכטע פון אַ גאַנצער תקופה, וואָס האָט געזוכט דעם תקון און דעם וועג צום אויסלייזן, געגאַרט שאַפן דעם יום טוב אין דער וואָכעדיקער וואָך. אַלע גייען אַרום, זוכן עפּעס אייגער ביים צווייטן און פאַרבלייבן דאָך איינזאַם. אַלע זענען זיי אין אַן אויפגערעגטן פּסיכישן צושטאַנד, רוען נישט און מאַכן פאַרשיידענע פּרוּוון צו דערנענטערן זיך צו אַנדערע, אָנצוואַרעמען די נשמה ביים צווייטן, אָבער אַנטוישט און אומצופרידן און נישט־באַפרידיקט קערן זיי זיך אום צוריק צו זיך, און יעדער קאַפּיטל ביי בערגעלסאָנען איז אַ באַזונדער געשיכטע אויף דערזעלבער טעמע, און אומעטום פלאַטערט די נשמה און פאַרגייט אַזוי אין שטילע אָבער שווערע ליידן.

בערגעלסאָן איז ווייט פון נידערגעשלאָגענעם פּעסימיזם, ער איז דורכויס אַקטיוו, פול מיט ווילן און פול מיט דראַנג צו שאַפן. דאָס לאָזט זיך פילן אין די שורות און צווישן די שורות פון אַלע זיינע ווערק.

אַקטיוו־שעפעריש איז ער אַליין און אַקטיוו־שעפעריש זענען

אויף זיינע מענטשן. דער, וואָס קרענקט פון זיין נודנעקייט און לאַנגווייליקייט, דער, וואָס רייסט זיך פון דער אַפּאַטיע, דער, וואָס קוקט שטענדיק אויס אויף אַן אויסגאַנג, דער פאַרבלייבט נישט אין אַ מאַכטלאָזער און הילפלאָזער לאַגע. אומצופרידנקייט איז ווייט נישט אַנטוישונג, נישט-באַפרידיקייט איז נישט קיין פאַרצווייפלונג. בערגעלסאָנס מענטשן לאָזן זיך נישט אָפּ אײַנגאַנצן, ווי אַנכיס, למשל. ביי אנכין פאַלן די טיפן איינגאַנצן אונטערן שווערן עול און ווערן אינגאַנצן צוגעדריקט ביז אָן אַן אָטעם. בערגעלסאָנס געוועזענער איז נאָך אַקטיוו, רוקט זיך אין לעבן און וויל נאָך עפּעס פון לעבן און וועט סוף כּל סוף אַרויף אויפן וועג. און צוזאַמען מיט זיינע מענטשן איז אויך בערגעלסאָן נישט אונטערגעפאַלן אונטערן שווערן יאָך און ער האָט זיך געריסן דורך פאַרשיידענע זייטן און אַרויף אויף דעם לעבעדיקן וועג פון דעם באַנייטן און נייעם לעבן.

„אַרום וואָקזאַל", „נאָך אַלעמען", „אין פאַרטונקלטע צייטן", „אָפּגאַנג" — דאָס זיינען שטופּן און וויכטיקע דאַטן נישט נאָר פון בערגעלסאָנס קינסטלערישע פעהיקייטן, נאָר אויך פון זיין פערזענלעכן אַלץ-שטייגעדיקן פאַרנעם, פון זיין פאַרברייטערטן אויפפאַסן דאָס לעבן און פון זיין אינטעלעקטועלן וואוקס.

אין זיינע ערשטע ווערק האָט בערגעלסאָן געגעבן אַ באַשטימטע, באַגרענעצטע אידעען און שטימונג-אַטמאָספער, אין וועלכער עס האָט געלעבט, געזוכט און געטרוימט די יידישע באַלעבאַטישע און נגידישע יוגנט פון מיטעלן גראַד. די איינצלנע ראַפּינירטע אינטעליגענטן, וועלכע ווערן אַרויסגעפירט אין „נאָך אַלעמען", אין „אַ פאַרגרעבטער שטאָט" און אין „פאַרטונקלטע צייטן" גייען דורך אָן אַ זייט, פאַרבייגייענדיק. און בערגעלסאָן רירט זיי אָן און לאָזט זיי אָפּ, ווי ער האָט מורא, אַז ער וועט זיי קינסטלעריש נישט גובר זיין. און אפשר דערפאַר האָט ער דאַן אינסטינקטיוו זיך ליבער גענומען צו פרויען-טיפּן. גרינגער איז געוועזן צו שילדערן דעם פרויען-טיפּ, וואָס זיינע הויפּט-עלעמענטן זיינען פון יידישן לעבן מער אָפּגעשטאַנענע, פאַרקילטע און געהערן צו די קאַנאָניזירטשאַצן אין יידישער ווירקלעכקייט. און אין מירעלע הורוויץ פון

אָך אַלעמען" ציען זיך פּעדעם דער עיקר פון איר ירושה־שטוב
פון דעם אַרומיקן שטעטל, פון דער בענקשאַפט און נישט־באַפרי־
דיקטקייט מיט דעם אַרומיקן לעבנס־שטייגער. נאָך באַגרענעצטער
און פלאַכער איז די אינטעלעקטועלע הויך ביי די טיפן פון „אַרום
וואָקזאַל", זיי לעבן כּמעט דורכאויס מיט זייער קליינשטעטלדיקע
אינטערעסן און אויך די געשעענישן פון דער גרויסער שטאָט זיי־
נען דאָ פאַרקליינשטעטלדיקט דורך דער אַרומיקער באַגרענעצטער
אַטמאָספער.

גאָר אויף אַן אַנדער אופן ווערט אויפגעפאַסט דאָס לעבן
אין דעם ראָמאַן „אָפּגאַנג". פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז דער
„אָפּגאַנג" גאָר אַ נייעס: עס איז דאָס ערשטע באַדייטנדיק ווערק
פונם לעבן פון דער יידישער אינטעליגענץ גופא.

ערגעץ וואו אין זיינע ערשטע ווערק — אין „נאָך אַלע־
מען" — דערציילט בערגעלסאָן, ווי זיינער אַן ע ר ד י ש ע ר, ר ע אַ-
ל ע ר טיפּ זעט זיך אַמאָל אין אַ שעה פון דערהויבונג אויף אַ
באַרג, און אָט דער צווייטער קומט אויס אי ווייט, אי נאָנט, י אָ
ע ר און נ י ש ט ע ר, און דער ווירקלעכער צו ערד־צוגעבונדענער
ציט זיך צו זיין „איך" אין די ווייטע הויכן. אין זיינע פריערדיקע
ווערק פון דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט האָט בערגעלסאָן שטענ־
דיק געזען אין זיין קינסטלער פאַנטאַזיע די צווייטע וועלט, די
נשמה־יתירה שטימונג, און זיך און זיינע הויפּט־טיפּן שטענדיק גע־
צויגן אַהין.

דער „אָפּגאַנג" אָבער פונם אָנהייב ביזן סוף איז אינגאַנצן
אַן אויסגעחלומטע, אויסגעטרוימטע ספור־המעשה. מער אָפּקלאַנג ווי
קלאַנג. מער אָפּשיין ווי שיין, מער אָפּבילד ווי בילד. די מיסטיש־
פולע פיגור פון דעם תמיד שמייכלענדיקן, תמיד שעמעוודיקן מ ל ך,
וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ שטיל יום־טובדיק לעבן מיט אַ גוט־שמייכל
און מיט דעם זעלבן גוטמוטיקן שמייכל נעמט ער זיך דאָס לעבן;
דער פאַרטיפטער אין זיך, דער אומרויקער, מיטן שטומען פּראָטעסט
אין האַרץ, דער אומצופרידענער ח יי ם מ ש ה; דער אַלטער ליי־
קענער י צ ח ק - ב ע ר, וואָס האָט זיך גאָר אַ באַזונדער דרך אין
לעבן און וואָס נאָך גאָר יונגערהייט האָט ער זיך צעקריגט מיט

גאָט; דער דאָקטאָר טאַראַבאַי, וואָס האָט אַ מאָל געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער רעוואָלוציע און וואָס פֿאַרגיסט מיט פּעטקייט און פּוסטקייט זיין אַמאָליקן „איך"; חוה פּויזנער, וואָס האָט אַן אויסזען „גלייך זי האָט גאַנצע יאָרן געוואַרט אַויף איינעם אַ מאָדנע=אָנגעלייגטן גאַסט", און די אַלע איבעריקע טיפּן אין דעם דיכטערישן און שטימונגס=פֿולן ראָמאַן „אָפּגאַנג" —, זיי אַלע לעבן עפּעס איבער אַ משונה-מאָדנע שקיעה צוזאַמען מיטן גאַנצן שטעטל, וואָס אָטעמט אויס זיין לעבן. אַלץ גייט אויס אין טרויער, אין טרויער פֿון אייגענעם אויסגעלעבטן און אויסגעהויכטן וועזן.

און אויף דעם שקיעה=פּאָן, אויף די פֿאַרשאָטנטע קהלת-מאָטיוון פֿון דעם גוססדיקן שטעטל באַוועגט זיך די שאַרפֿע, אויסגעבויגענע פֿיגור פֿון חיים=משהן. ערשט נישט לאַנג האָט דאָ אַרומגעשפּאַנט דער ווייכער מלך. אָבער ער — חיים משה — איז געקומען אַהער נישט מיט דעם שמייכל. „צוליב וואָס נוצט די ווייכקייט בנוגע צו אַ וועלט, וואָס מען אָנערקענט זי נישט! צוליב וואָס שמייכלען, מלך?" „דער עיקר איז אומרו, מלך", „דער שטומער פּראָטעסט, דער אייביקער שטומער פּראָטעסט". און ער שפּאַנט אַזוי אַרום מיט זיין אומרו און מיט זיין שטומען פּראָטעסט אַ באַגייסטערטער אין אָט דער אומווירדיקער וועלט, וואו קלאָגן זיך איז נישט שייך, מישן זיך — אויך נישט", איז גאָר נישט. לעבט מען אַזוי מיט דער משונהדיקער אָנגעשטרענגטקייט און פּלוצלונג טוט עפּעס „אַ בליץ אין געדאַנק". „דער מח ווערט גלייך שכּור און אין די אייגענע אויגן ווערט מיט אַמאָל פֿאַרגרעסערט „דער ווערט פֿון דעם, וואָס מען טראַכט"...

דער „אָפּגאַנג" איז דער ספּור המעשה פֿונם יידישן אינטעליגענט אין זיין צווייטער נישט-ערדישער וועלט. עס איז „אַ מעלאַנכאָלישע מעלאָדיע, אַן אייביק אומעטיקע מעלאָדיע, וואָס באַגלייט דעם שטומען אומגליק פֿון גאָר דער וועלט".

און וואונדערלעך זענען צונויפֿגעפֿלאָכטן די צוויי עלעמענטן — דאָס רעאַלע, ווירקלעכע לעבן, דאָס ערדישע און ממשותדיקע, מיט דעם אויסגעטרוימען, פֿאַנטאַסטישן און איבערערדישן.

שיר — אַ געזאַנג פון אַ מעשה שהיה, אַ געזאַנג פון אמתע קאָנקרעטע לעבנס פאַקטן.

טיף־עלעגישע מאָטיוון און שטיל־ציטערדיקע טענער איבער איינפאַכע לעבנס־פּאַסירונגען און וואָר־ווירקלעכע געשעענישן.

ד י כ ט ע ר י ש ע פ ר אָ ז ע, צ ו ו ע ל כ ע ר ג אָ ר ו ו י י נ י ק ע ב י י א ו נ ז ה אַ ב ן ד ע ר ג ר י י כ ט.

1922

# בערגעלסאַנס „נאָך אַלעמען"



ענטשן, וואָס זענען געבוירן אין אַזעלכע הייזער און ביי אַזעלכע עלטערן.

באַהאַלטענע ירושה־אוצרות פון פּאַרצייטיקע מיחוסדיקע דורות, רייכקייט און אינהאַלט, איינגע־וואָרצלט אין טיף פון האַרץ און מוח, אינערלעכע ציכטיקייט און ריינקייט, שטאָלצע צניעות און ליבע צו באַהאַלטן זיך פונם פרעמדן אויג און אויער, שטענדיקע אומצופרידנקייט מיט זיך און מיט אַלץ אַרומיקעס.

אין שטוב ביי זיי, ביי די הורוויצעס, הערשט שטענדיק אַ שטילע, איינגעהאַלטענע שטימונג פון בין־השמשות, פון זון־אונטער־גאַנג. אַמאָל, נישט לאַנג, האָט עפּעס געלויכטן, געוואָרעמט, איצט איז עס שוין פאַריבער, פאַרגאַנגען, און אין לופט איז געבליבן נאָר הענגען דער שוואַכער, שטילער, פאַרביקער אָפּגלאַנץ פון דער שיין און די בענקשאַפט פון אַוועקגייענדיקס און אויסגייענדיקס. קאָן מען דאָרט קיין הילכיק וואָרט נישט אַרויסריידן און קיין שטאַרקן טראָט נישט געבן.

די שטוב איז איינגעהילט אין שאָטן, און אַ שאָטן שוועבט אַרום אויף די לעבעדיקע מענטשן. ר' גדליה הורוויץ, — אַ שטילער האַרציקער ייד, וואָס רעדט ווייניק און קען הויך נישט רעדן, מיט אַ צניעותדיקן חן פון אַ תּלמיד־חכם, דער חן, וואָס ליגט אויסגע־גאָסן אויף אַלע זיינע תּנועות, אויף זיינע ליב־שמייכלענדיקע אויגן און אויף זיין גאַנצער איידעלער פיגור. ער האָט אין זיך אַזוי פיל קינדערשס, און מען באַגייט זיך מיט אים, ווי מיט אַ קינד. ער פירט זיך זיין וועלט, מיט אַ גוט־גרינג שמייכעלע און מיט אַ גיכן־לייכטן קנייטש מיט זיינע איידעלע פּלייצעס.

ווען די געשעפטן גייען אים אַוועק שלעכט, און עס בלייבט שוין גאָרנישט מיט וואָס צו ענטפערן די בעלי־חובות, שיקט מען

אים אָפּ קיין אויסלאַנד. ער טראַכט נישט איבער, פּאָרט אָפּ אַהין, אָבער באַלד בּענקט ער פון דאָרט, ווי אַ קינד נאָך זיין מוטער און בעט זיך, מ'זאָל אים צוריק לאָזן פאָרן אַהיים, מיט שטילער צניעות און פאַרבאָרגענע יסורים ווערט ער מסוכּן שלאָף און מיט אַ ליכטיקן, לייכטן שמייכל ציט ער אַזוי זיינע לעצטע טעג.

שטענדיק יום-טובדיק, גאָט-פאָרכטיק, טראָגט ער אַ שטאָלצע אייגנאַרטיקייט פון אַמשטערדאַמער יידן, און ציט אַלץ דעם פאָדעם פון יענעם לעבן. ער און זיין שטוב זיינען ווי אָפּגעטיילט פון אַרומיקן יידישן לעבן, זיי קאָנען זיך נישט צופּאַסן צום איצטיקן לעבנס-שטייגער. און אַלע פון דער זייט פילן אַן אומבאַוואוסטן דרך-ארץ פאַר דער שטוב און פאַר די שטוב-מענטשן און וויניק ווער פון שטעטל קערט זיך אָן מיט זיי. דער איינציקער איז אברהמל דער רב, וועלכער האָט אַ צוטריט אַהין און אויך ער פילט צו זיי אַ יראת הכּבוד.

גיטעלע, ר' גדליהס ווייב, איז אויך אַ שטילע, שווייגנדיקע, זי רעדט וויניק, גלייך ווי זי שעמט זיך רעדן. זי איז ביי זיך גאָרנישט און פירט זיך, פאַרבאָרגן פון אַלעמען, איר וועלטל, וואָס איז אינגאַנצן געקניפּט און געבונדן מיט ר' גדליהס. ווען ער פאָרט אָפּ, בענקט זי נאָך אים שטילערהייט, און קוקט אַרויס אויף זיין קומען. און ווען ר' גדליה שטאַרבט, שטאַרבט זי אויך אָפּ מיט אים. קיין אייגן לעבן האָט זי נישט, און זי פאָרט אַוועק אינ-גאַנצן פון דער שטוב ערגעץ-וואו קיין אויסלאַנד, צו אַ שוועסטער.

ר' גדליה האָט נאָך פאַר אַ זייטיקן מענטשן אַ שמייכל, אַ שמייכל נישט מיטן פּנים, נאָר אויף דער שפּיץ-נאָז, גיטעלען פעלט שוין אָט דער שמייכל אויך, זי זיצט שטיל, שווייגנדיק ביים טיש, ענווותדיק און שעמעוודיק, אַן עדות פון אַמאָליקער גרויסקייט.

און אַלע לעבן אין שטוב שטיל, יעדער מיט טיפן דרך-ארץ פאַרן צווייטן, און אָן קיין ווילן אַריינצודרינגען אינם צווייטנס לעבן. און אָט די שטילע עצבות שוועבט איבער דער שטוב, ביז די שטוב ווערט אין איינעם אַ טאָג אינגאַנצן פוסט ווערן און מיט ברעטלעך פאַרקלאַפּט שטיין בלייבן.

אין אָט דער שטוב ווערט געבוירן, וואַקסט און ערציט זיך מירעלע, זי נעמט איבער די אייגנשאַפטן פון פאָטער, מוטער און שטוב.

מירעלע איז קיינמאָל נישט וואָכעדיק און קיין הילכיק און שטאַרקע באַוועגונג מאַכט זי נישט. פון פאָטער — גוטמוטיקע באַהאַרציקייט, שטאָלצע, אינערלעכע רייכקייט און פון דער מוטער — שטיל און שווייגנדיק לעבן, פּאַסיווקייט און אָפּגעלאָזנקייט.

זי איז ווי פאַרהילט אין אַ נעבל. אַ מין היפּל איז איבערגעצויגן אויף אירע אויגן, אויף איר מוח און געפילן און עס דוכט זיך, אַז נישט זי זעט קלאָר, נישט זי קען די וועלט באַנעמען קלאָר און נישט זי איז אימשטאַנד קלערן און טראַכטן קלאָר. זי נעמט נישט אויף אין לעבן גלייך און אוממיטלבאַר. די לעבנס-געשעענישן רופן נישט אַרויס ביי איר קיין באַלדיקע און גלייכע ווירקונג. עס גייט דורך דורך אירע געפילן און פסיכיק און עס ווערט באַפאַרבט מיט אייגנאַרטיקער פאַרב. די לעבנס-געשעענישן גייען נישט דורך פאַר איר אין זייער אמתער גרויס זי נעמט זיי אויף פון דער זייט.

עס טרעפן אין איר לעבן אַזוי פיל אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס האָבן באַדאַרפט זי דערשיטערן, צעקלאַפּן זי מיט אַמאָל פון איר וועג און צווינגען ענדערן דעם געפילן-גאַנג, אָבער זי בלייבט אַלץ ווי אָפּגעפרעמדט, גלייך ווי די געשעענישן רירן זי גאָר נישט. זי פירט זיך ווייטער איר לעבנס-גאַנג, זי גייט זיך איר וועג און דאָס אויסערלעכע שלאָגט איר נישט איבער.

זי איז אַלץ פאַרנומען מיט זיך. אַ הייליקן סוד טראָגט זי אין זיך, אַ סוד, וואָס זי אַליין אפשר ווייסט דערפון נישט, אַ סוד, וואָס איז איר ווי דורך אַ וואונדער, אָדער ווי דורך אַ חלום איבערגעגעבן, און פאַר קיינעם איז נישט קלאָר, וואָס עס איז אַזוינס. פון די אַלע אַרומיקע, וואָס זי זעט און צווישן וועלכע זי דרייט זיך, אַרום, איז זי פון קיינעם נישט געווירקט און גייט קיינמאָל נישט איבער אַפילו אויף אַ ווײַלע צום צווייטנס וועלט און זיינע אינטערעסן. דער צווייטער, ווי נאָענט ער זאָל צו איר נישט צוגיין, בלייבט-

איר פרעמד. זי קאָן אויך נישט באַגרייפן דעם צווייטנס איבערגעגעבנ־קייט צו איר.

אַזוי פיל אינערלעכע רייכקייט און מעגלעכקייט פאַרמאָגט מירל, נאָר עס איז באַהאַלטן פון דעם פרעמדן. זי איז נישט מסוגל צו לאָזן צו זיך מענטשן. זי בלייבט שטענדיק מיט זיך, מיט איר אינערלעכן סוד און אין דעם בעסטן פאַל שענקט זי אירע נאָנטע — און דאָס אויך אינסטינקטיוו — אַ בליק מיט די אומעטיקע בלויע אויגן, נאָר אַ שטילן ריר מיט דער צוציענדער פיגור. פאַרשייד־דענע נאַטורן ציען זיך נאָך מירעלען און זענען אַנטציקט פון איר. זי איז אָבער שטענדיק באַהאַלטן אין זיך, און נאָר זעלטן רירט זי דאָס אויסערע, דעם צווייטנס וועלט. דער פאָטער אירער, ר׳ גדליה, וואָס ליידט אַזוי שטיל אויף זיין שטייגער, רופט נאָר איינמאָל אַרויס ביי מירעלען אמתע מיטלייד און גאָר נישט געקלערט און איבער־געקלערט באַשליסט זי דאַן טון פון זיינעטוועגן אַלעס און האָט חתונה מיט שמואל זיידענאָוווסקין, אַבי נאָר מיטהעלפן דעם פאָטער אין זיין שווערן צושטאַנד און אָנטון אים עפעס אַ נחת־רוח. עס רירט זי אויך דער בעל־חוב, דער יונגערמאַן, און זי ווערט אַזוי באַרמהאַרציק צו אים און איז שוין גרייט אַלץ טון פאַר אים. אָבער אָט די מיטליידס געפילן זענען פלוצימדיקע און דויערן נישט לאַנג ביי איר.

אירע געפילן זענען פאַסיווע, פאַרקילטע, זיי גייען נישט אַריבער אין ווילן און אין טון. איר האַרץ איז שטענ־דיק פול און פאַרנומען, זי קען זיך נישט באַפרייען פון זיך און פון אירע איבערלעבונגען - שטימונגען און אַ קוק צו טאָן אַמאָל אויף וועלט און מענטשן אָפן, מיט אָפענע אויגן, אוי־סער זיך און אויסער אייגענע געפילן - ליידן. קיין אינטערעס, ליבע צו עפעס־וואָס אויסער זיך, וואָס עס זאָל איר ווערן טייער, נאָנט און פאַרנעמען האַרץ און מח האָט זי נישט. זי איז פאַרטון אין אייגענעם לעבן־ליידן, זוכט און זוכט נישט, שטרעבט און שטרעבט נישט און ווייסט שוין אַליין נישט, צי זי זוכט אָדער נישט, צי ס׳איז כדאי גאָר צו זוכן, אָדער נישט.

עפעס טראַכט זיך אַמאָל וועגן אַן עיקר אין איר לעבן, וואָס

פעלט איר, און וואָס עס פעלט אַנדערע מענטשן אין לעבן, און צו אָט דעם עיקר ציט זי אַמאָל מאָדנע, אָבער מער נישט, ווי עס ציט, זוכט זי אַמאָל אָט דעם עיקר אין זיך אַליין און עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט כאַפּט זי אים.

„אַ קלייניקייט, דוכט זיך... סך־הכּל איין קלייניקייט באַדאַרף זי נאָך איצט מיטן מח און מיט די געפילן אָנכאַפּן און איר וועט ווערן קלאָר דער עיקר פון איר לעבן, וואָס זי זוכט אים שוין אַזוי לאַנג, פון קליינערהייט אָן".

קען זי אָבער דעם עיקר נישט אָנכאַפּן, ווערט זי נישט אי־בעריק אויפגערעגט. עס קומט ווידער אָן די אַפּאַטישע, אומבאַ־וועגלעכע שטימונג, און זי ריקט זיך איין טיפער אין איר שווייגן און ווערט נאָך מער דערווייטערט פון מענטשן און דערשייבונגען. קומט זי צו ווען עס איז נעענטער צו אַ מענטשן, ווערט זי באַלד פון אים אָפּגעשטויסן, און אַ תּהום עפנט זיך צווישן איר און אים.

זי קאָן נישט ליב האָבן זי איז נישט מסוגל פון ליבע צי פאַר געסן אָן זיך, אָן איר וועזן, און ווייס נישט און קאָן נישט אויפ־נעמען, ווען דער צווייטער איז אינגאַנצן משועבד צו איר פון לי־בע. די גאַנצע צייט פון אירע באַציהונגען מיט אירע נאָנ־טע איז ביי איר קיין איין רגע פון צערטלעכער און איבערגעגע־בענער ליבע נישט געווען.

זי איז אויך גלייכגילטיק דאַן, ווען זי דאַרף גאָר האַסן, ווען זי דאַרף אָפּשפּאַרן פון זיך דאָס, וואָס דאַרף זי עקלען. זי איז אָבער מקבּל יעדע זאַך שטיל און האָט קיין כּח און קיין ווילן נישט אַרויסצו־רייסן זיך פון יאָך, וואָס איז אויף איר אַרויפגעטון.

זי פילט אָפט, אַז זי לעבט נישט ווי אַלע מענטשן, זי פילט, אַז זי גייט אַרום אָן דער זייט פונם לעבן, אויפן עולם־התּוהו „און פּלאָנטערט זיך דאָרט פון קליינערהייט אין אַ לאַנגן פאַרוואָגלטן חלום, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און קיין סוף". אַמאָל, ווען עס ווייזט זיך איר פון ווייטן אַ פייערל, טוט זי זיך אַ כאַפּ צו אים, אָבער עס ווערט גלייך פאַרשוואונדן, און זי זעט שוין ווידער פאַר זיך אַ גרויסע ווייטקייט; זי טראַכט:

— „עפּעס איז זי שוין, דוכט זיך, איצט צו עפּעס צוגעקו־

מען און וועט עפּעס טון, און אפשר איז זי נאָך צו גאָרנישט ניט צוגעקומען און וועט גאָרנישט נישט טון. אייגע אַליין וועט זי נאָך ווייטער אַרומבלאָנדזשען, ווי אַן אייביקער חלום פון תהו ובהו און וועט אין ערגעץ נישט אָנקומען".

ווייל אַלץ טוט זיך ביי איר אָן איר וויסן, און גאַנץ אָפּט קעגן איר וויסן. זי קען זיך נישט פונאַנדערקלייבן אין דעם. אינ־סטינקטיוו, כדי אויסצומיידן פיין און לייד, נעמט זי נישט אויף דאָס אַרומיקע שווערע לעבן. ס'איז געווען מעגלעך דעריבער, אז גאַנצע פיר יאָר האָט זיך געצויגן צווישן איר און וועלוול בורנעסן דער שדוך און דערנאָך זיך צעלאָזט. גייט זי אַרום אַ צייט מיט דעם קרומען סטודענט ליפּקעס, וועלכער פּטרט צוליב איר אַ יאָר פון זיין שטודירן, און מירעלע נעמט זיך צום האַרצן נישט און אפילו דעם נישטיקן שידוך מיט שמואליקן נעמט זי נישט אָן ערנסט, און אויך שפּעטער, נאָך דער חתונה, האָט עס ביי איר אַלץ אַפּנים פון אַ קאַטאָוועס שפּיל. עס טרעפן זיך אין איר לעבן זאַכן, וואָס דאַרפן זי צעטרייסלען, זי פאַרלירט אָבער נישט איר מאָדנע גלייכ־גילטיקייט, און בעתן קנאַסמאָל, וועןמען ריכט אָפּ די סעודה נאָך איר מיידלשער יונגשאַפט, קומען צו איר אַזעלכע געדאַנקען: „דער גאַנצער גערויש קומט פאַר נישט צוליב איר, נאָר צוליב אַ צווייטער מירל, וואָס איז מיטן קנאַסמאָל שטאַרק צופרידן, און זי, די אמתע מירל, זעט דאָס אַלץ נאָר פון דער זייט און האָט דערצו קיין שייכות נישט".

עס פעלן ביי איר אינגאַנצן ווילן־אימפּולסן, גערופן און געטריבן דורך וואָסער ס'איז אינערלעכן און אויסערלעכן רוף. די שווערסטע געשעענישן רופן ביי איר נישט אַרויס קיין קלאָרן געדאַנק און שטאַרקן ווילן איבערצואַנדערשן דעם גאַנג פון איר לעבן און צוגעבן אים אַן אַנדער פאָרם. עס שווימט אַרויס און עס באַווייזט זיך אויף אַ ווײלע אַ רעטונגס־געפיל, עס דערוועקט זיך אַ שטיקל פאַרלאַנג דערגרייכן צו דעם, נאָר באַלד גייט עס פאַרלוירן און פאַרפאַלן אין טויט־שטילן שטראָם פון אירע שטי־מונגען־געפילן.

זי אַליין דערמאָנט זיך אַמאָל, אַז ווען־עס־איז איז זי שוין גע־

שטאַנען אויף אַ שטיקל וועג און האָט שוין דוכט זיך געוואוסט, ווי צו באַפרייען זיך פון דער שווערער לאַגע:

„—וואַרט... מען מוז זיך פאַמעלעך פונאַנדערקלייבן און באַטראַכטן: וואָס דאַרף טוען ווייטער אַ מיידל, וואָס איז געוואַקסן אַ בת-יחידה ביי ר׳ גדליה הורוויצן, און האָט שוין חתונה גע- האַט, נאָר אויף קאַטאָוועס, אויף דערווייל".

זי קען אָבער נישט דערפירן איר שטימונג און געפילן צו וואָסער ס׳איז באַשטימטן באַשלוס און לויט אָט דעם באַשלוס פירן איר ווייטער לעבן אין אַן אַנדער ווענדונג. נישט איינמאָל, בעת די באַציהונגען צום שדוך מיט שמואליק זיידענאָווסקי און אויך נאָך דער חתונה, באַווייזט זיך אַ ווילן אַ סוף צו מאַכן צו דער טרויעריקער שפּיל, אָבער ס׳בלייבט נאָר אַ געפיל און צו קיין ממשותדיקן קומט עס נישט. ווען דאָס לעבן ביי די זיי- דענאָווסקיס הויבט אָן איר צו עקלען, באַקומט ביי איר פּלוצים אַזוי פיל חן איר היים, איר שטוב, און זי לאָזט זיך אַהין מיט אַ גרינג האַרץ און מיט פיל האָפנונג צו געפינען דאָרט די אמתע, אינערלעכע רו. קומט זי אָבער נאָר אַהין, ווייזט זיך איר שוין אויס נאַריש דאָס גאַנצע פּנ״ר. פאַלט אויף איר אָן אַ שווער-דרי- קנדיקע שטימונג, זי פאַרלאָזט גיך די היים און פאָרט צוריק צו דער פאַרהאַסטער שטוב, צו שמואליקן.

זי רעאַגירט אינגאַנצן מיט די געפילן, און גאָר ווייניק מיטן געדאַנק. קיינמאָל איז זי נישט אויסגערעכנט. און אַלץ טוט זיך אָן פריערדיקן ווילן, אָן קלאָרן חשבון. וואַרפט זי זיך דערום אויפן ערשטן צופעליקן וועג און רעכנט אים פאַר אַן אויסוועג. איז שוין דערום איר לעבן פיל מיט מיספאַרשטענדע- נישן, וואָס פאַרקלענערן זי, וואָס בייטלען זי אויס אויף קליין געלט. וואָלט זי מסוגל געווען צו מעסטן און איבערוועגן די טאַטן פון איר לעבן, וואָלט זי זיך פאַרהיט פון פיין און לייד, און איר לעבן וואָלט נישט געווען אַזוי טראַגיש און פאַטאַל און דערווידער איר אייגענעם געשמאַק און ווען.

זי פאַרשאַפט אירע נאָענטע, וועלכע זענען צו איר צוגעבונדן, אָן אַ שיעור יסורים. זי צעשטערט זיי אַלעמען דאָס לעבן און

גיט זיי כמעט גאָרנישט. זי נעמט נישט אָן קיינע מיטלען צו באַזיי־
טיקן די יסורים און ליידן פונם צווייטן און מאַכן אַן עק צו די
באַציהונגען, וואָס שאַפן יעגעם נאָר אומאַנגענעמלעכקייטן. איז אָבער
איר זכות, וואָס זי אַליין ליידט פיל פאַר אירע מעשים.

זי אַליין קלאָגט זיך אַמאָל, אַז ווינציק־ווינציק האָט זי
פון איר לעבן הנאה געהאַט.

שווער איז איר דערפאַר, וואָס זי קען נישט ליגן. פיל
פרויען אין איר צושטאַנד, ווען זיי געפינען נישט קיין וועג און
אויסוועג פון זייער טרויעריקער לאַגע, גייען אַוועק באַוואוסט־
זיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, אויפן וועג פון ליגן און אויף
דעם בויט מען זיך די רוהיקייט, דאָס גליק. מען לייגט אַזוי פיל
דעם צווייטן און צוליבן צווייטן, ביז מען הייבט אָן ליגן זיך
זעלבסט. זיי לאָזן זיך אויפן וועג פון בעל־הבתּישע אינטערעסן
און קליינלעכע אינטריגעס און פילן אָן דערמיט דעם פוסטן חלל
אין זייער לעבן. און אַמאָל פון גרויס לאַנגווייליקייט צו זיך
זעלבסט, גיט מען איבער אינגאַנצן דעם אינטערעס, ליבע און
אַנטציקונג צום געבוירן קינד, און ביסלעכווייז פאַרגעסט מען אָן
זיך, אָן אייגענעם לעבן. מירל זוכט נישט קיין שפּילעכל אויף
צו פאַרגעסן דעם אייגענעם אומגליק.

זעלטן־זעלטן ווען זי רעדט, איבערהויפּט פאַר אַ צווייטן,
וועגן איר טראַגישער לאַגע, וועגן דעם טרויער, וואָס איבערפולט
איר גאַנץ וועזן. און נאָר איינמאָל, בעתן מישמאַש מיט דעם פּאָ־
טערס אָנזעץ, פאַרברענגט זי עטלעכע טעג ביי דער צופיל־קלו־
גער. צופיל טרוקענער אַקושערין שאַץ. געלעגן איז זי אַזוי דאָרט
„ס׳רוב אין בעט אַן אַ׳מעטיקע מיט אַ פאַרשטאַרקטן טרויער אין
די בלויע אויגן, געקוקט מיט זיי ערגעץ־וואו, צו דער ערדבער
פּאָדלאָגע און געשוויגן. און אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז נישט
אויפהייבנדיק די אויגן פון דער פּאָדלאָגע, האָט זי, ליגנדיק אין
בעט, אָנגעהויבן רעדן צו דער אַקושערקע, אויסגעצויגן און שטיל,
ווי אַן אבל:

„—דריי און צוואַנציק יאָר האָט זי אָפּגעלעבט דאָרט, אין
שטוב.

נישט די שטוב טוט איר באַנג און נישט די יאָרן... וואָרום די יאָרן, וואָס האָט זי דען געקענט מיט זיי טון? און די שטוב...
—מענטשן, וואָס ווערן געבוירן אין אַזעלכע שטיבער, קע- נען נישט לאַכן; אָט ווי זי מירל".

זי טראָגט די לאַסט פון איר שטוב, טראָגט שווייגענדיק, מיט געדולד, אָן קיין טענות צו ווען ס׳איז. טענות האָבן איז בכלל זייער גרינג און, ווען מ׳וויל, קען מען געפינען אַ שולדיקן, אויף וועמען אַרויפוואַרפן די שולד. איר קומט אַזוי שווער אָן דאָס לעבן ביי איר מאַן, שמואליק, זי רייסט זיך אַזוי פונם שטוב, וואָס עקלט זי און דאָך פרוּווט זי נישט אויפוואַרפן עמעצן. און ווען שמואליק קומט אַמאָל אַ דערשלאָגענער, אומ- באַהאָלפענער צו איר און גיסט פאַר איר אויס די טרערן פון זיין אומבאַהאָלפנקייט, געפינט זיך ביי איר אַ פּאָר ווערטער פאַר אים:

— שמואליק, האָב איך דיר דען שלעכטס געטון?

און ער פאַרכאַפּט באַלד:

— ווער זאָגט דען?

די פּאַסיווקייט אירע רעגט אויף, דערצאָרנט. עס ווילט זיך, אַז זי זאָל צופאַלן צו אַ קישן, אויסוויינען אירע יסורים, רייסן שטיקער און דערמיט פאַרגרינגערן איר לאַגע. זי איז אָבער אַ פאַרשלאָסענע אין זיך און זי ליידט שטיל, באַהאַלטן פונם אויג, און דעריבער זענען אירע ליידן נאָך שווערער, טיפער. קיינע אויסערע עקסצעסן פאַר דער גאַנצער צייט זעען מיר נישט ביי איר. נאָר איינמאָל, ווען איר ווייזט זיך אויס, אַז דער גט וועט אַראָפּנעמען פון איר אַלץ, וואָס עס דריקט זי, דערפילט זי שטאַרקע קלעפּ אין האַרץ און זי זעצט זיך אויפן בעט:

„— וואַרט... זי וועט דאָך איצט ווערן צוריק, ווי מיידלוויז...

אין איר איז געוואָקסן עפּעס אַ געפיל פון געזונט און כוח. צוזאַמען מיט די האַרץ-קלעפּ פון פרייד איז אָט דער געפיל אין איר געוואָקסן.

זי האָט אַ קוויטש-געטון, דערפילנדיק אין זיך די פאַרצוויי-

יאָריקע מירל; סך־הכּל איינמאָל אַ קוויטש-געטון, און מיט אַזאַ פרייד".

די וואָלקן, וואָס זענען אָנגעצויגן איבער איר מוח אונגע-פּילן צעגייען זיך און זי הויבט אָן רעדן וועגן זיך:

„— זי ווייסט אַפילו נישט, וואוהין זי וועט נאָכן גט פון שטוב אַוועקגיין. מעגלעך, אַז זי וועט שוין די ערשטע וואָך נישט האָבן פון וואַנען אַ טאָג איבערצוקומען. נאָר זי שרעקט זיך איצט בכּלל גאָרנישט. די וועלט ווייזט זיך איר איצט אויס, איז אַזוי ברייט.

— ערגעץ וועט זי שוין פון זיידענאָווסקיס שטוב אַוועקגיין...

די היים אירע, וואָס אין שטעטל... זי איז עפּעס מער נישט ווי אַ צו להכעיסדיקע נאַרישקייט, אָט די היים. צו דער מוטער ציט נישט, און צום פאָטער... גלייכער איז, וואָס זי מיטן פאָטער לעבן פון דערווייטנס. העלפן איינער דעם צווייטן קענען זיי סיי ווי סיי נישט.— — —

אָט האָט זי דאָ נישט לאַנג טורגענעווס אַ בוך נאָכאַמאָל איבערגעלייענט: אַ רוסיש מיידל קאָן מער נישט אויסקומען מיטן לעבן, וואָס אַרום, גייט זי אַוועק אין מאָנאַסטיר, און ס'ווערט פון איר גאָרנישט. און זי, מירל, זי איז שוין נישט קיין מיידעלע, און דער מאָנאַסטיר איז פון איר אַזוי ווייט און ווייזט איר אויס אַזוי נאַריש. מ'האָט זי פון קליינערהייט נישט געלערנט זיין רעליגיעז. זי קען מער מיט די אַרומיקע צושטאַנדן נישט אויסקומען מוז זי אַוועקגיין ווייטער:

— צי זי וועט עפּעס געפינען, ווייס זי נישט, נאָר אַוועקגיין וועט זי".

אָבער אַזוי קלאָר רעדט מירל וועגן זיך זעלטן-זעלטן.

עס דרייען זיך אַרום מירלען פאַרשיידענע מיטלמעסיקע פּאַר-שוינען. איז זי אַזוי געשמאַקלאָז צו מענטשן? קוקן מיר זיך צו בענטער צו איר אַרט-באַציען זיך צו די אַלע אירע באַקאַנטע, זעען מיר: נישט וואָס מירל האָט קיין פאָדערונגען נישט צו מענטשן און איז נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין און באַנעמען מענטשן. זי שטעלט זיי קיינע פאָדערונגען נישט, זי פאָדערט פון זיי גאָרנישט

פאַר זיך, פאַר איר וועזן. ליפקיס, סאָפּיאַן, העלער, מונטשיק דערוועקן נישט אין איר קיין באַזונדערע אַכטונג-געפילן און וועררעדט פון ליבע, איבערגעגעבנקייט און צוגעבונדנקייט. זי וויל פון זיי גאָרנישט און זוכט ביי זיי גאָרנישט און זי באַמערקט כלל נישט, וואָס זי ווערט פאַר זיי, און ווי אַזוי זיי הויבן אָן קוקן אויף איר און זוכן און פאָדערן פון איר. זי פירט זיך איר וועלטל און גייט זיך איר לעבנס-וועג, פאַרטיפט אין זיך.

פאַראַן מענשן, וועלכע פירן אַ מין צווייענדיק לעבן, אַן אויסערס און אַן אינערלעכס. ערגעץ-וואו, אינעווייניק, טוט זיך עפּעס אָן אויפהער, עס ווערן געבוירן געפילן, שטימונגען און ווערן פאַרפאַלן, עס קומען אָן געדאַנקען און גייען אַוועק, און פון אויסן איז גאָרנישט צו דערקענען. און עס אַרבעט זיך אויס מיט דער צייט אַ מין „האַרמאָניע" צווישן דעם טאָג-טעגלעכן, אויסערן לעבן מיט דער אייגענעם, אינערלעכן. מירעלע געהערט נישט צו דעם אַרט מענשן. זי איז שטענדיק אַליין, מיט זיך און אַרום זיך. מירעלע איז אינגאַנצן איין מענש. דאָס אויסערע און אינערלעכע ביי איר זענען פעסט צונויפגעבונדן, און דאָס, וואָס אין איר אַרומיקן לעבן ווידערשפּרעכט איר, איגנאָרירט זי און וויל עס בשום אופן נישט אָננעמען. דעריבער ווייזט זי זיך אונז אויס אַ צופיל געדולדיקע און מיט צופיל גלייכגילט צו זיך און דעריבער זענען קליין די אויסערע ווירקונגען. נישט אַזוי גרינג נעמט זי אויף די אויסערע וועלט, און אַלץ, וואָס זי טוט, איז דיקטירט נאָר דורך איר אייגענעם כאַראַקטער. עס איז שווער זי צו באַשולדיקן. מיר קענען זי נאָר באַדויערן, באַדויערן און מיטפילן.

דאָס טראַגישקייט אין מירלס לעבן ווערט אַרויסגערופן דער עיקר נישט דורך אויסערע געשעענישן און פּאַסירונגען, נאָר מער פון אַלץ דורך איר כאַראַקטער און פּסיכיק.

געוויס פאַרנעמען אַן אָרט אין אירע אומגליקן די פּאַסירונגען, וועלכע באַגלייטן זי אין איר לעבן.

אָבער ווי וואָלט געווען, ווען ר' גדליה ווערט נישט קיין יורד. ווען זי פאַלט נישט אַריין אין דער סביבה פון שמואליק זיידענאָווסקי און זיין הויז-געזונט? וואָלט דען מירל גליקלעך געווען?

מירלען פעלט דאָס געפיל צו באַנוצן זיך מיטן לעבן,
זיין צופרידן און לעבן מיט אָט דער צופרידנקייט. ווען מען וויל
(און גאַנץ אָפט וויל מען און מען האָט דעם ווילן) — האָט פיל
אין לעבן אינטערעס, וואָס פאַרנעמט האַרץ און מוח. דער ווילן
קומט אינסטינקטיוו, אומבאַוואוסט, דורך באַוואוסטזיניקע אימפולסן
צום לעבנס-דורשט. ביי מירעלען זענען אָט די לעבנס-אימפולסן
נישטאָ. פאַראַן ביי איר אַן אומצופריקייט, אָבער די אומצופרידנ-
קייט גייט נישט איבער אין קיין קלאָרע, באַשטימטע שטרעבונגס-
ווילן. זי זוכט נישט קיין אַנדערס, אינטערעסאַנטערס לעבן. זי
גאַרט נישט נאָך אמתער ליבע, הגם זי איז פול מיט בענקעניש
נאָך ליבע. זי רייסט זיך נישט אַרויס פון די צוואַנגען-באַדינגונגען,
וואָס האָבן זיך געשאַפן אין איר לעבן, הגם זיי דריקן זי צו
אומברחמנותדיק.

פאַרשלאָסן איז זי שטענדיק אין זיך מיט אירע געפילן און
שטימונגען, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. די מיטגעפיל און אָפּ-
שטויסונג-מאָטיוון, די זוכענישן און בענקענישן נאָך עפּעס, דאָס
אומצופרידנקייט און אַנטציקונג — אַלץ ווערט געבוירן און פאַר-
פאַלן אין איר האַרץ גופא. עס גייט נישט איבער ביי איר
פון די געפילן צום קאָפּ, צום ווילן. דער ווילן בלייבט אַפּאַטיש,
ער רעכנט זיך כלל נישט מיט אירע געפילן, ער ווערט נישט גע-
פירט דורך איר שטימונגס-צושטאַנד. וואָלט געווען אַ צוזאַמענ-
האַנג צווישן איר שטימונג און ווילן, וואָלט זי צו פיל נישט-
גוטעס און נישט-אָנגענעמס אין לעבן נישט קומען. וואָלט זי גע-
האַט אין זיך שטאַרקייט ביי יעדן ריר פון עפּעס גראָבעס אין
לעבן, אויסשרייען : "Не смѣть, дуракъ„ ,,ווי זי שרייט אויס
איינמאָל „מיט אַ געפיל פון כעס און באַליידיקונג". אויפן אָוונט
ביי טאַראַבאַיען, ווען דער פּאָליטעכניק רירט זי אָן, וואָלט איר
לעבן גאָר אויף אַן אַנדער וועג געגאַנגען. וואָלט זי שוין זיך
שפּעטער נישט אַרומגעדרייט אַן איבעריקע ביי די זיידענאָווסקיס,
וואו מען קוקט אויף איר ווי אויף אַן אויסוואורף, און זי וואָלט
שוין נישט געפועלט ביי זיך אַראָפּפאָרן און פאַרברענגען אַ צייט
ביי ליבקען דער רביצן.

---

פון די אַלע מענטשן, וואָס גייען אַרום אַרום מירלען, אויסער איין הערצן, דעם פּאָעט, איז נישטאָ איינער, וואָס זאָל האָבן אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זי פאַראינטערעסירן, וואָס זאָל צוציען צו זיך מירלס אויפמערקזאַמקייט. קיינער פון זיי טראָגט נישט אין זיך עפּעס וואָס אינטערעסאַנטעס, אייגנס, פון וועמען זי זאָל עפּעס קענען געניסן.

וואָווע בורנעס? אַ פאַרגרעבטער שאָטן פון מירעלען איז אָט דער פּשוטער און האַרציקער בחור. עס ליגט אויף אים אויסגעגאָסן אַ מאַט־אומעטיק פאַרגליווערטע פאַרב, פאַרגליווערט זענען אויך זיינע געפילן, זיינע איבערלעבונגען. אָבער אין טיף פון זיין נשמה און האַרץ שלאָגט אַ וואַרעמקייט, אַ באַזונדערע, אייגנאַרטיקע וואַרעמקייט און פרישקייט. עפּעס שווערעס, אייגנאַרטיקשווערעס ליגט אין אים, אין זיין כאַראַקטער און פּסיכיק; ער האָט אין זיך עפּעס שלעפּעריקס אין זיין כאַראַקטער, ער נעמט אויף נישט גרינג, אָבער דאָס, וואָס עס האָט זיך שוין איינגעזאַפּט אין די שווערע, ווייניק־באַוועגלעכע מוח און געפיל, דאָס בלייבט שוין דאָרט אויף לענגערע צייטן. עס פאָדערט זיך אַ שטאַרקע קראַפט, וואָס זאָל קענען רירן אָט דעם נפש. האָט עס אָבער אים גערירט, איז שוין שווער ברענגען אים צו גלייכגעוויכט. וואָלט אים אויף זיין וועג נישט באַגעגנט מירל, וואָלט דער גאַנג פון זיין לעבן געווען גאָר אַן אַנדערער. עפּעס אַנדערש וואָלט אים פאַרנומען, וואָלט אים צוגעבונדען צו זיך. איצט איז אָבער מירל אַריינגעדרינגען אין זיין האַרץ, איז פאַרפאַלן: צוריקציען עס פון דאָרט איז שוין שווער. דאָס אוממערקבאַר־וואונדערבאַרעס, וואָס מירל האָט אומבאַוואוסט פאַר זיך אַליין אַריינגעהויכט אין אים, וועפּט זיך שוין נישט אויס, און ער בלייבט שוין ווי אַ פאַרכשופטער אויף שטענדיק. ווי אַ היפּנאָטיזירטער פון מירעלען און איר אינערלעכער וועלט, וואָס איז אים ווייט און נאָנט, פרעמד און היימיש פירט ער זיין לעבן. צו מירעלען איז ער נישט צוגעגאַנגען באַוואוסטזיניק, ער פאַרשטייט זי נישט און פרואווט זיך נישט פונאַנדערקלייבן אין איר וועלט, ער שאַצט נישט אָפּ זיינע באַציהונגען צו איר. עס ציט אים צו איר, צו איר

שאָטן. און דאָס ציען ווערט אַ קרענקלעכעס. ער ווערט אַרויסגעריסן פון זיין באָדן, און לאָזט זיך אַרומדרייען און נאָכגיין מירלס טריט, טראַגנדיק אין זיך אַ סוד און אַ ווייטיק. ער בלייבט, דוכט זיך, ביי זיין אויסערער רוהיקייט, מיר זעען אין אים נישט קיין שטאַרקע אויפגערעגטקייט. ווי אַ פּאַרטויבטער דורך אַן אומבאַ-וואוסטער, אומגליקלעכער געשעעניש שפּאַנט ער אזוי אַרום, און באַהאַלטן פון אויג און אויער, לעבט עפּעס וואונדערבאַרעס אין אים, וואָס ער קען עס נישט באַרשטיקן. ער איז צוגעבונדן צו מירעלען, זי פעלט אים, ווען זי גייט פון אים אַוועק. דער עיקר פון זיין וועזן איז ווי פאַרבליבן ביי מירעלען, און קומט עפּעס פאָר ביי איר רירט עס אים גלייך און עס רופט זיך אָפּ דורך אַ געהיימער קראַפט. און ער רוט שוין נישט, און ווי אַ שאָטן פון אַ וועזן, וואָס האָט געלעבט און פאַרשוואונדן, דרייט ער זיך אַרום, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך.

אין אָט דעם פשוטן און פאַרגרעבטן בחור, ליגט באַהאַלטן איידלס, ריינס. פון וואַנען איז אים אָט די איידלקייט געקומען און פון וואַנען האָט ער זיך געלערנט אַזוי שיין און איידל אויפ-נעמען וועלט און מענטשן?

בנוגע צו אים פילט ניט מירל קיינע אינערלעכע געפילן, ער איז אַזוי ווייט פון איר און פון אירע איבערלעבונגען, ער קען זי נישט רירן און פאַראינטערעסירן. דאָך דערפילט זי אַמאָל זיין גוטסקייט און איבערגעגעבנקייט צו איר און זי דריקט אויס איר דאַנקבאַרקייט מיט דעם קורץ קוויטעלע, וואָס זי לייגט אַריין אַמאָל אינעם טאַש פון זיין פאָר-כאַלאַט:

Ты хорошій —

און ער, וואָווע בורנעס, האָט עס געליינט „איבערן גאַנצן וועג אַהיים, עס עטלעכע טעג אַרומגעטראָגן אין זיין טייסטער צווישן די אַסיגנאַציעס און עס צולעצט באַהאַלטן אין אַ באַזונ-דער שופלעדל, וואָס ביי אים אין פייער-קאַסע"...

און שמואליק זיידענאָווסקי?

מירל אַליין טוט אַמאָל אַ טראַכט:

„— וועלוול בורנעס — ער איז געוויס מער פאַרגרעבט פון

אים, שמואליקן, נאָר דאָך... קיין עקל רופט ער יעדנפאַלס נישט אַרויס".

אַ נודנער איז ער און לאַנגווייליק־נאַרישער. איבערגענומען האָט ער פון זיין פאָטער גאווה און נצחנות און עס משונה איבער־געקאָכט אין זיין ווייך־גוטענקער נאַטור.

פון מירלען האָט ער, שמואליק זיידענאָווסקי, עפּעס געהערט, אַמאָל זי באַגעגנט, און וויל שוין פון דענסטמאָל אָן וועגן אַנדערע שדוכים נישט הערן. אָט דער נודנער נפש, וואָס זיינע ווייך־צע־קראָכענע רייד שטעכן ווי מעסער, אָט דער נפש האָט דאָך אייגנט־לעך צו מירלען קיין שייכות נישט, ער פאַרשטייט זי נישט און קען זי נישט פאַרשטיין. ממושטש פילט ער אין זיך עפּעס אַ ווילן צו האָבן זי, מירלען, פאַר אַ פרוי און טוט אַלץ זי צו באַקומען. ערגעץ־וואו אינעווייניק נעמט ער זיך איבער דערמיט, וואָס ער האָט מירלען דערגרייכט. אַ פוילע, נודנע צופרידנקייט באַקומט ער אין דער ערשטער צייט נאָך דער חתונה. „ער ווערט דערפון רוהיקער, אָפּגעלאָזענער און נמאסער". און דערנאָך, ווען עס שאַפט זיך דער תהום צווישן אים מיט מירלען, ווען מירל רייסט זיך פון אים, און עס הייבן זיך אָן שווערע טעג אין זייער שטוב, נעמט ער זיך איבער מיט אָט דער לאַגע. ער פילט אַפילו נישט, ווען מען טרעט אים און מען שפּייט אים אין פּנים אַריין.

מירלעס פירן רופט אַרויס פאַרדראָס ביי די זיידענאָווסקיס. די גאַנצע שטוב נעמט אָן פאַרשיידענע עצות קעגן מירלען, אַלע זענען אויפגעטראָגן, רעדן וועגן גט. שיקט מען דעם יונגן שואליק שמועסן מיט שמואליקן, איינרעדן אים צו מאַכן אַ סוף פון דער לאַגע. געגוג איז אָבער שואליק זאָל דערמאָנען מירלעס נאָמען, נעמט שמואליק אים אָן פאַר דער האַנט און אַזוי שטיל און אַזוי מאָדנע, אַז אים, שואליק ליובאָשיצן, האָט שוין פאַרן האַרץ אַ קלעם געטון:

„— דו פאַרשטייסט, שואליק? מירל איז אַ שלאַק... געוויס אַ שלאַק, נאָר, אַז זי וויל, קען זי זיין גוט".

פון אָנהייב האָט אָט דער נאַריש־ליגנערישער נפש מירלען נישט אינטערעסירט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זי עקלען און

אַרויסרופן פאַרדראָס אויף זיך אַליין. קיינע געפילן פילט זי צו אים נישט, אויך קיין טענות האָט זי צו אים נישט. זי פילט און ווייסט, אַז נישט ער איז אינגאַנצן שולדיק אין איר לעבן. אָבער שפּעטער קען זי שוין זיין נאָמען נישט הערן. דער נאָמען באַליי-דיקט זי, זי און איר גאַנץ וועזן.

און ווען מאַנטשיק קומט צופאָרן צו איר אין שטעטל צו רעדן וועגן שלום מיט שמואליקן, ענטפערט זי שאַרף און אָפּגע-האַקט:

„— ס׳וועט קיינמאָל נישט זיין... איר הערט, מאַנטשיק?... קיינמאָל?

ביי מירעלען אין די אויגן האָט געברענט דאָס אומעטיקע, טיף טרוימענדיקס פייערל: איר פנים איז געווען פאַרפלאַמט, און געביסן האָט זי די אונטערשטע ליפּ”.

די געהויבענע מינוטן מירעלעס.

פון אַלע מענטשן, מיט וועמען מירעלע באַגעגנט זיך, איז הערץ דער איינציקער, וואָס רופט זי אַרויס אַזוי אָפּט פון איר גלייכגעוויכט. אין הערצס לעבן און אין אים זעלבסט איז פאַראַן פיל, וואָס ציט־צו איר אויפמערקזאַמקייט און פאַראינטערע-סירט זי. די אַלע מענטשן, וואָס רינגלען זי אַרום, האָבן אין זיך ניט קיין אַלגעמיינעס צו איר איבערלעבונגען־געפילן, און זיי זענען איר דעריבער פרעמד. צו הערצן פילט זי אינסטינקטיוו אַ נאָענט-קייט. זי שפּירט אין אים די געפילן־ליידן מיט וואָס ס׳איז פול איר האַרץ, זי ווערט אויף איר שטייגער פאַרגאַפט פון זיין מעשהלע, וואָס די אַקושאַרקע שאַץ לייענט איבער פאַר איר, זי פילט אין דעם די רייסעניש צו איבערשטייגן איבער דער וואַנט, וואָס שטייט אויך אויף איר וועג אין לעבן. ביי הערצן זעט זי אַן אינהאַלט און אַן „עיקר”, וועלכער גייט איר אַזוי אָפּ, אָבער אויך צו הערצן ציט איר אַלץ אונטער די אויגן. זי זעט אין אים אַ מענטשן מיט אַן אַנדער וועלט, מיט אַן אייגן אינערלעך לעבן, וואָס איז אַזוי נישט ענליך אויף דאָס אַרומיקע. און גאָר אינסטיקטיוו הויבט זיך אָן וועבן אין איר אומרוהיקעס און האַרץ־בענקעניש צו דער פיגור, וואָס האָט אָפּגע-פאַרטיקט מיט דער גאַנצער אַרומיקער וועלט און ציט זיך זיין

לעבן אויף זיין אייגענעם שטייגער. איר דוכט זיך, אַז דער מענטש האָט דורכגעמאַכט איר וועג און דערגאַנגען נאָך אַ שטיקל, אָט דעם שטיקל, וואָס זי שטייט פאַר דעם וויפל יאָרן און קען צו דעם נישט דערגרייכן.

מיר דערוויסן זיך בדרך אגב וועגן אַ בריוו, וואָס מירעלע האָט אַמאָל געשיקט צו הערצן, וואו זי האָט זיך געפּרעגט ביי אים וועגן דעם „עיקר", וואָס פעלט איר אין איר לעבן. און הגם זי באַגעגנט נישט פון זיין זייט די גרייטקייט מיטצוהעלפן איר, דאָך ווען עס ווערט איר שווער און זי זעט ערגעץ - וואו אַ שטיקל אויסגאַנג, זוכט זי הערצן און רופט אים צו זיך. זי האָפט, אַז ער וועט איר געבן דעם מוט, וואָס עס פעלט איר. אָבער יעדעס מאָל, ווען זי טרעפט זיך מיט אים אויג אויף אויג, ווערט ער אָן כּאַר איר דעם ווערט. זי פילט זיך באַליידיקט פון זיין שמייכל, פון זיין טאָן און פון זיין קאַלטן באַציען זיך צו איר. הערץ קען איר נישט העלפן און זי קען ביי אים גאָרנישט נעמען צו פאַרגרינגערן איר לעבן. אפשר צו שפּעט האָבן זיי זיך באַגעגנט. הערץ איז שוין צופיל אויסגעבּרענט, זיין האַרץ איז אויסגעליידיקט, דורך אייגענער איראָניע און שפּיצלערייי אויסגעליידיקט געוואָרן. און ווי אין זיין מעשהלע, קומט ער צו שפּעט צו דער פרוי, וואָס איז אַ האַלב-טויטע, אַזוי קומט שוין מירל צו שפּעט צו אים. ער האָט פאַרגעניגן זיך אַליין צו שטעכן און אָנטון זיך שפּיצלעך, וויטיקן, און ער טוט עס אויך דעם צווייטן. און אויב פאַר זיך איז דאָך פאַראַן צייטן פון הארה, פון אינערלעכן ברי, בלייבט פאַרן צווייטן דערפון גאָרנישט. אין אים לעבט נאָך געניג באַגייסטערונג, אינערלעכע צוגעבונדנקייט צום פאָלק, און אין דעם געהויבענעם און ווונדערלעכן טראַגיזם פונם פאָלק ציט ער חיות-יניקה. ער האָט אויגן צו זען און אַ פילנדיק האַרץ צו פילן אַזוי, אַז עס זאָל אַלץ מיט אַמאָל פלוצים זיך איבערבייטן, און אויך ער זאָל ווערן דערביי ווי אַן אַנדערער, מיט אַ פאַרגאַפטן געמיט און פאַרכאַפּטן אָטעם.

אָט דער איראָניזירנדיקער הערץ גייט זיך אַזוי איבערן שטעטל אין אַ פרייטאָג פאַר נאַכט. „עס איז שוין די ווייטע און רויטע זון געהאַנגען אין מערב-ווערטיקאַל, ווי אַ גרויסע פייערדיק

זאַלדענע מטבע, און אין אָנהייב ערב־שבתדיקן שטעטל איז ער איינער אַליין געשטאַנען. פון זיינע קליינע אַריינגעגראָבענע אויגן האָט ווי שטענדיק אַרויסגעשמייכלט דער גרינער אָפּגלאַנץ, און אַליין האָט ער איינגעבויגענערהייט געקוקט אויף די יידן, וואָס זענען שוין צוריק פון מרחץ געקומען, שטייען דאָ און דאָרט נעבן זייערע פונאַנדערגעעפנטע טירן און גרייטן זיך גייען צו קבלת־שבת. הערצס פנים איז אינגאַנצן געווען איינגעטונקען אין דעם שיין פון דער אונטערגייענדער זון; ער האָט אויסגעזען אַ גאָל־דענער. ער האָט דערזען מירלען, געטון צו איר עטלעכע שפּאַן און איר אָנגעוויזן אויפן שטעטל:

— זאָל זי אַ קוק טון: ממש אַ שבתדיקער הימל; שבתדיק זענען אויס אויפן מערבדיקן באַרג אַפילו די אַרומיקע פעלדער.

מירל האָט מעכאַניש אַ קוק געטון צום באַרג און האָט דאָרט גאָרנישט געזען, חוץ דעם מידן גוי, וואָס דעראַקערט צו נאַכט זיין פעלד". — — —

מירל, דער יורש פון ר׳ גדליה הורוויץ, די טאָכטער פון דער יידיש־יחסנישער שטוב, וואָס האָט פאַר זיך אַ לאַנגע קייט פון רבנים, גאונים, די יידישע טאָכטער זעט שוין נישט קיין שבת־דיקע הימלען. מירל זעט נאָר דעם מידן גוי. „זי האָט נאָך נישט גע־וואוסט, צי הערצס ווערטער האָבן אַ אירָאָנישן זינען, צי ניין, און האָט געקוקט אויף אים מיט דערשראָקן־דערשטוינטע אויגן:

— בכלל ווייס זי נישט, וואָס ער וויל פון איר, אָט דער פאַרשוין, און קען אים מיטן שכל נישט תופס זיין.

און ביי אים האָבן די אויגן נאָך איראָנישער צו שמייכלען אָנגעהויבן. ער האָט זי באַטראַכט, ווי אַ קלוגעטשקער און גע־פרעגט האָט ער שוין ביי איר, אַ פנים, גלאַט אַזוי פון חוזק וועגן:

— זי האָט אַמאָל געטראַכט וועגן יידן?"

מירל פילט זיך באַליידיקט פון הערצס איראָניע־שמייכל, זי־טראַכט:

„—פאַראַן מענטשן, וואָס מוזן באַליידיקן מיט יעדן וואָרט, וואָס זיי רעדן אַרויס".

הערצן איז שוין געלונגען אַלץ אין זיך און אַלץ אַרום זיך צו נישט מאַכן. ער ווערט פאַרגאַפּט פון מירעלען און אין אַ צעטל איז איינמאָל ער איר מודיע: „אויב ער וועט נאָך אַמאָל קומען אַהער אין שטעטל, וועט דאָס זיין אויסשליסלעך צוליב איר, מיר־לען". און מירעלע, בעת איר באַגעגעניש מיט הערצן, דערמאָנט זיך אָן דעם צעטעלע און באַשליסט ביי זיך: „ניין, עפּעס איז שוין אין יענעם צעטעלע געווען ערגערס, ווי אַ ווערטל".

הערץ האָז הנאה צו טרעטן אויף אייגענע און פרעמדע געפילן. געוויס איז מירל אים נאָענט און איז איינגעבאַקן אין זיין האַרץ, אויב ער איז פאַרט צו איר אַראָפּגעפאָרן. ער האָט חיות דערפון, וואָס ער באַליידיקט זי און וואָס ער שפּעט פון איר, ווען זי ציט זיך צו אים און וואַרט פון אים עפּעס אַ וואָרט; נאָר ער פאַרבייסט מיט עקשנות זיינע ליפּן און ווייזט אַלץ זיין שמייכל. עס איז שוין ביי אים אַזוי נאָענט פון ערנסט צו שפּאַט, פון אַנט־ציקונג ביז בטול, פון גלעטן ביז שטעכן. אַמאָל האָט ער פאַר־מאָגט אינערלעכע ליבע און אַנטציקונג, אָבער דאָס איז שוין ביי אים ווי אַ ווייטער פאַרגאַנגענער חלום. איצט איז שוין אַלץ ביי אים פון יענער זייט, ער איז שוין זיין וועג דורכגעגאַנגען. און ער איז זיך נוקם דעריבער אין זיך אַליין און רעכנט זיך אָפּ מיט זיך. יום־טוב און וואָך, אינערלעכע שכרות און שטאַרקע ניכטערקייט טרעפן זיך ביי אים צוזאַמען. ער אַליין באַמערקט נישט אויף זיך דעם איבערגאַנג פון איינס צום צווייטן, אַזוי צונויפגעפלאָכטן זענען אין אים אָט די סתירותדיקע כוחות. אָט ווערט ער פאַר־גאַפט און אַנטציקט, אָבער באַלד באַווייזט זיך אין זיינע אויגן דאָס לצל, דער חוזק־מאַכער פון זיך אַליין, און פייערל מיט לצל מישן זיך צוזאַמען. אונטער די אויגן גאַרט ער נאָך מירעלען, אויך ווען ער באַגעגנט זי, ציט עפּעס אַזוי מאָדנע צו איר נשמה, נאָר ער ווערט באַלד דערשראָקן דערפון און כאַפּט זיך צוריק.

צופיל קלוג און צופיל ניכטער איז ער, הערץ, ער האָט קיין סענטימענטאַליטעט און דער איראָנישער שמייכל באַגלייט אים אויף יעדן טריט און שריט. ער האָט פיינט אין זיך די סענטימענ־טאַליטעט און האָט מורא פאַר איר, און אין מירעלען זעט ער פיל

פון די סענטימענטאַלע געפילן, וואָס ער האָט אין זיך באַקעמפט, און ווען ער פייניקט זי, פייניקט ער אין אַ גרעסערער מאָס זיינע אייגענע געפילן.

און נאָך: צוליב דעם פאַרטיקן אויספיר פאַרזעט ער די עצם זאַך און, האָבנדיק שוין אַ צוגעגרייטן באַשלוס, גייט ער פאַרביי דאָס טראַגישע לעבן, די ליידן-ווייטאָקן פון מירעלען אַליין. און ווען פאַר הערצס ווערטער וועגן מירעלען און איר „קליינשטעטלדיקער טראַגעדיע" וואָלט געוועזן אַ אינערלעך ווייטאָקדיק מיטגעפיל, וואָלט עס נישט אַזוי פאַרדראָסן מירעלען. מירל אָבער, איבערהויפּט אונטער די אויגן, וויל פאַרגעסן און פאַרגעסט די ניכטערקייט אין אים, דעם בטול געפיל, אָט די אָפּשטויסנדיקע זייטן אין זיין כאַראַקטער, און ווען זי איז געפאַלן און דערשלאָגן ברענגט זי ווידער אַראָפּ הערצן און זאָגט פאַר אים אַזוינע רייד:

„הערץ, כ'האָב דאָ אויף דיר אַזוי פיל געוואַרט; קיינער האָט נאָך געוויס קיינמאָל אויף דיר אַזוי פיל נישט געוואַרט.

אין חדר איז געוועזן שטיל, הערץ איז געוועזן ברוגז און האָט נישט געענטפערט.

— הערץ, — האָט מירל געזאָגט, — איך פאַרשטיי שוין די לעצטע צייט אַזוי ווינציק, וואָס מיט מיר טוט זיך, איך ווייס נישט, פאַר וואָס איך האָב וועגן דיר אַזוי פיל געטראַכט — איך ווייס שוין אַפילו נישט, צוליב וואָס איך בין אַהער אין שטעטל אַראָפּגעקומען.

זי האָט זיך פאַרטראַכט און צוגעגעבן:

איר דוכט זיך נאָך אַלץ, אַז „ערגעץ-וואו" ווערט איר זיין בעסער.

הערץ האָט געקלונגען מיט אַ גלאָז און מיט אַ לעפעלע און האָט זיך צוליבן האַלז פאַרקאָכט סאָדע-וואַסער פון זודיקן סאַמאָוואַר".

און מירל רעדט און בעט זיך ביי אים אַלץ:

— „הערץ, מיר דוכט זיך נאָך אַלץ, אַז דו ווייסט עפּעס מער פון מיר".

איר דוכט זיך נאָך בכלל, אַז ערגעץ-וואו זענען פאַרנ...

אַזעלכע איינציקע, וואָס ווייסן „עפּעס“ און האַלטן „עס“ בסוד...
זאָל איר הערץ מוחל זיין, וואָס זי האָט אים אַהער אַרויסגערופן, זי נודעט זיך און טראַכט וועגן דעם. „גאַנצע פאַרנאַכטן זיצט זי נעבן ליבקע דער רביצן אויפן גאַניק און קוקט קיין מערב צום ברענענדיק רויטן הימל-עק. און איינמאָל פאַרנאַכט האָט זיך איר שוין געדוכט, אַז פון דאָרט, פונם רויטן עק-הימל, קוקט צו איר אַרויס אַ צווייטע פייערדיקע מירל און ווינקט צו איר פון דער ווייט: קיינער, ווינקט זי צו איר, ווייס נישט, צוליב וואָס ס׳בלאָנדזשעט אַרום מירל הורוויץ. און איך, מירל, וואָס איך ברען אין פייערדיקן עק-הימל אויפן האָריזאָנט, כ׳האָב שוין אַמאָל אויך אַרומגעבלאָנדזשעט און האָב אויך נישט געוואוסט, צוליב וואָס“.

און אָט די געפילן זענען דאָך, אייגנטלעך, אויך אַזוי נאָענט הערצן. אויך צו אים קוקט אַרויס אַזוי אָפט אַ צווייטער פייערדי-קער הערץ און ווינקט אים פון דער ווייט: „קיינער ווייס נישט צוליב וואָס ס׳בלאָנדזשעט אַרום הערץ“. אָבער הערץ וויל זיך נישט דורכשמועסן מיט דעם צווייטן פייערדיקן הערץ אין דער אָנוועזנ-קייט פון אַנדערע. דער איראָנישער פנים האָט ביי אים קוים, קוים געשמייכלט. די גאַנצע צייט, וואָס מירל האָט גערעדט, האָט ער אַזוי געשמייכלט. ער איז פון איר שמועס נישט צופרידן געווען און האָט איר צום סוף די רייד איבערגעשלאָגן:

— „אָבער נאָך וואָס טויג שוין דעם ערשטן אָוונט רעדן וועגן אַזעלכע הויכע זאַכן?

אַ בלאַסע און שטאַרק באַליידיקטע גייט מירל אַוועק פון אים אָן אַ גוטע נאַכט“ און לאָזט זיך איבער די פינצטערע געס-לעך צו זיך אַ היים.

אויפן שטעטל האָט זיך דערנאָך גערוקט דער גראָהער אָנ-הויב-טאָג. „אין אַלע הייזער שלאָפט מען, און נאָר דאָרט, אין אָנהייב-מאַרק, לייכט זיך נאָך אַלץ אין הערצס צימער, וואָס אין איינפאָר-הויז, און די רויטע פאָרהענגלעך זענען אַראָפּגעלאָזן און פאַרשטעלן אים מיט זיין ביינאַכטיקער שרייבערישער אַרבעט“.

און אין דערזעלבער צייט כאַפּט זיך אויף פון שלאָף ליבקע די רביצן. פון מירלס צימער הערט זיך אַ געוויין-כליפּען. „איר

קול איז געווען אַן איינגעהאַלטענער, אַ נאָגנדער און האַלב דער־וואָרגענער. אַלע מאָל האָט ער זיך געשטאַרקט מיט אַ ביי־צוגע־קומענעם שטראָם פון וויינענדיקן כליפּן און דערמאָנט אָן אירע קינדערשע בת־יחידה־יאָרן. דענסטמאָל האָט זיך געהערט, ווי אונ־טער איר טרייסלענדיקן קערפּער סקריפּעט דאָס בעט, און געדוכט האָט זיך, אַז עמיצער שטייט דאָרט איינגעבויגן איבער איר קאָפּ, וואַרגט זי פאַרן האַלז און דערמאָנט איר:

— האָסט עס אומגעבראַכט, דיין לעבן... און פאַרפאַלן איז דאָס שוין, אויף אייביק פאַרפאַלן".

פאַרפאַלן... אויף אייביק פאַרפאַלן?

---

מיר גייען צו צום „נאָך אַלעמען", ווי בערגעלסאָן אַליין איז צוגעגאַנגען צום ווערק און אים געשאַפן. „נאָך אַלעמען" איז עפּעס מער ווי אַ בוך. עס איז דאָס, וואָס איז אין אַ בוך נאָך נישט אַריין, נישט איינגעשלאָסן אין ראַמען פון אַ בוך.

ליטעראַטור איז אין אַ געוויסער מאָס געפּרעסטעס לעבן. דאָס רוישנדיק, כליסנדיק לעבן ווערט אַריינגעגאָסן אין באַ־שטימטע ליטעראַרישע פאָרמען. דאָס לעבן, די געשעעניש־צוזאַ־מענשטויסונגען פון לעבן פאַרלירן אַזוי אַרום פיל פון זייער אינהאַלט און פאָרם. פון דעם כאַאָס זייערן, פון דעם ברויזנדיקן כאַאָס, וואָס האָט קיינע געזעצן און געשטעלטע וועגן, שאַפט זיך דורך ליטעראַטור אַ גאַנצע, פאַרענדיקטע זאַך.

דער מענטש לעבט קיינמאָל נישט אַזוי סיסטעמאַטיש, אַזוי פּלאַנמעסיק, ווי ער לעבט אין דאָס רוב ביכער. די געשעענישן ביי אים זענען נישט אַזוי קאָנצענטרירט ווי אין ליטעראַטור. אין די ביכער קומט אַ דורכגעסטעריליזירט געקינסטלט לעבן. פילט זיך דעריבער אין די ביכער דאָס געמאַכטע, געקינצלטע, וואָס דער־שטיקט דאָס כאַאָטישע, באַוועגלעכע און צאַפּלדיקע. וואָס איז פאַראַן אין לעבן.

ביי בערגעלסאָנען אין „נאָך אַלעמען" (אַנדערע געפינען עס פאַר אַ חסרון) פילט זיך ווייניק דאָס בוך, און פאַר אים אַליין,

אפשר, איז „נאָך אַלעמען" קיין בוך נישט געוואָרן כמעט ביז די לעצטע זייטלעך.

לייענען מיר „נאָך אַלעמען" אַזוי. שטיקלעכווייז, פון מיטן, זעען מיר, אַז בערגעלסאָן אַליין איז ווי אין געפּענקעניש ביי די פּאַסירונגען, ער איז ווי באַהערשט פון זיי. דאָס לעבן פירט זיך אַליין, פאַר זיך, אָן בערגעלסאָנס ווילן און וויסן. ער איז נאָר אַ צוקוקער, אַן אויפמערקזאַמער צוקוקער, וואָס ווערט אַזוי צו־געצויגן און פאַרכאַפּט פון מירעלען און איר אַרט לעבן. בער־געלסאָנס ליבע צו איר איז גרויס. גרויס איז זיין אנטציקונג פון איר אויסזען, פון אירע טאַטן, באַוועגונגען און אַרט־פילן און באַ־בעמען די וועלט און מענטשן. אַן אַנטציקטער, פול מיט ליבע־אַכטונג צו איר, גייט ער איר נאָך, פלייסט זיך נאָכקוקן אירע מעשים און נאָכשפּירן אירע בת־יחידישע קאַפּריזן. צייטנווייז ווערט מירעלע פאַרפאַלן פון זיין אויג, דאַן ווערט שטאַרק די בענקשאַפט. אָפטמאָל טרעפט ער זיך נענטער. אַמאָל אויך אויג אויף אויג און עס געלינגט שוין אים באַמערקן די שטריכן פון געזיכט, ער זעט שוין דעם שיין פון אירע בלויע אויגן און כאַפּט שוין פון איר אַ וואָרט. דערנאָך הייבט שוין בערגעלסאָן אָן ציען דעם פאָדעם פון אירע געפילן־געדאַנקען ווייטער און ווייטער.

מירל און איר לעבן איז ווי פאַרצויגן מיט אַ נעבל, זי איז אַ שטיק סוד פאַר בערגעלסאָנען אַליין. אין זיין דערציילן שפּירן מיר בענקשאַפט און יראת־הכבוד צו איר און צו איר לעבן, וואָס קומט פאַר אָפטמאָל ערגעץ פאַרבאַהאַלטן הינטער די ווענט.

בערגעלסאָן זאָגט אַמאָל:

„שוועך איז שוין געווען אַן יצק דערגיין, צי פאָרנדיק אין קרייז שטאָט, האָט מירל געוואוסט, אַז זי וועט זיך דאָרט מיט אים (מיט שמואליק, איר קינפטיקן מאַן) טרעפן, צי דער טרעפן זיך איז שוין אַ צופעליקע און אומגעריכטע זאַך אָפילו פאַר גי־טעלען מיטן קאַסיר געווען".

אין „נאָך אַלעמען" גייט אַדורך מירעלעס לעבן אין דער צייט פון אַ יאָר. אָט דעם יאָר האָט בערגעלסאָן ווי מיטגעלעבט איר לעבן און וועגן דאָס פריערדיקע, פאַרגאַנגענע רעדט בערגעל־

סאָן כמעט גאָרנישט, ער פירט עס דורך נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל עס ווערט ארויפגעבראַכט אין דעם גאַנג פון די געשעענישן ביי מירעלען אַליין און אין אירע געפילן. ערגעץ־וואו טרעפן מיר אַ פּאָר השערות וועגן איר יוגנט, און אָט די ערטער זענען ווי השערות.

פיל פון דעם, וואָס עס טוט זיך ביי מירעלען און אַרום איר איז אין בוך נישט אַריין. פיל מאָל הייבט בערגלסאָן אָן שילדערן מירעלען באַלד נאָך אַ געשעעניש און צוזאמענשטויס, און דאָס בילד, וואָס ווערט דורכגעפירט אינם בוך, איז שוין דער פועל־יוצא, אַ באָכווייעניש נאָך דעם, וואָס איז אָפּגעטאָן פריער. און דאָס וויכטיקע איז געבליבן ערגעץ הינטער, און מיר ווייסן וועגן דעם נאָר רמזים.

און לייענען מיר דאָס בוך, פילן מיר אַלץ דאָס לעבן פון מירעלען, דאָס לעבן, וואָס איז געבליבן א ו י ס ע ר ן בוך און וואָס איז אין בוך נישט אַריין.

מירעלע ווירקט אויף אונז מיט דער נויטווענדיקייט פון איר אייגנאַרטיק לעבן און מיט די אייגנאַרטיקע פאָרמען, וואָס איר לעבן האָט. אַלץ, וואָס עס טוט זיך ביי איר, שטאַמט פון איר כאַראַקטער, פסיכיק, אַרט־באַנעמען און באַציען זיך צו וועלט און מענטשן. מיר פילן די אָפּהענגיקייט און דעם טראַגיזם פון איר לאַגע און ווייסן קיין אויסוועג נישט פאַר אירע ליידן. דער איינדרוק פונם בוך איז אויף אונז אַזוי שטאַרק, ווייל מיר פילן דאָס געזעצלעכקייט פון לעבן, פון די אַרומיקע באַדינגונגען און ביי אונזער שטאַרקסטער אומצופרידנקייט, קענען מיר קיין טענות צו מירלען נישט האָבן, און ביי אונזער גרעסטן מיטגעפיל, קאָנען מיר קיינע עצות איר נישט פאָרלייגן. אַזוי פעסט און האַרט און איבערצייגנדיק איז דער אמת פון איר לעבן און אירע מעשים.

די טאַטן־געשעענישן זענען אויף אַזוי פיל נאַטירלעך און נויטווענדיק, אויף וויפל נאַטירלעך און נויטווענדיק איז דאָס לעבן גופא, וואָס באַשטייט פון בלויז געזעצן און ווייסט דאָך נישט פון קיינע געזעצן. אין בוך פילן מיר טענדענץ, ווי אין לעבן אַליין. מיר שטייען פון דער זייט, ווערן פאַרגאַפּט, זענען עדות, אַמאָל

בענטערע, אַמאָל ווייטערע, פון דעם, וואָס קומט פאָר און גייט זיך זיין וועג פאַרביי אונז.

אין „נאָך אַלעמען" פירט זיך נישט די האַנדלונג צו וואָסער ס'איז איין פונקט, און בערגעלסאָן וויל דאָ נישט ווייזן און ווייזט נישט דעם וועג און אויסוועג פון דער געשאַפענער לאַגע. דאָס, וואָס מיר באַקומען פון „נאָך אַלעמען", שטאַמט אַרויס פונם בוך גופא, פון די געשעענישן אין בוך.

פאַראַן שרייבער, וואָס שטעלן זיך פאָר אַ ציל צו געבן דעם העלד מיט זיין גאַנצער פאַרוויקלטער נאַטור און אַרט-לעבן און דענקען, און צוליב דעם פירן זיי דורך אייניקע וויכטיקע צו- זאַמענשטויסן מיט דעם אויסערלעכן לעבן, מיט דער אַרומיקער ווירקלעכקייט און מיט אַנדערע סתירותדיקע מענטשן. ביי אָט די קינסטלער ווערט די גאַנצע דערציילונג געפירט צו אָט די צוזאַמענ- שטויסונגען, וועלכע זענען די קולמינאַציע-פונקטן אין דער דער- ציילונג און אַלץ איבעריקס איז אַ טפל, איז ווי וועגעלעך, שמאָ- לע וועגעלעך, וועלכע פירן צו דעם הויפּט-פונקט. ביי אָט די מחברים ווערט צונויפגעקליבן און אָנגעוויזן די פאַרשיידענע קרעפטן און סיבות, וואָס גרייטן-צו די גרויסע וויכטיקע געשעעניש. און די אַלע אַרומיקע פרטים, די אַלע טיפן און פאַסירונגען זענען צונויפ- גענומען מיט אַ זעלטענער אויסגערעכנטקייט און צוועקמאָסיקייט. אָט אַזוי האָט געשריבן ל. טאָלסטאָי. מיט גרויסער רוהיקייט און מאָדנער זיכערקייט אין זיינע שילדערונגען. ביי דאָסטאָיעווסקין וואַקסט נישט די האַנדלונג און דער דראַמאַטיזם אַזוי רוהיק און בהדרגה, ביי אים הייבט זיך גלייך אָן פון דער געשעעניש גופא. צוערשט איז גאָר נישט קלאָר פאַרן לעזער דורך וועמען און אַ דאַנק וועלכע כחות האָט זיך אָפּגעטון עפעס אַ זאַך, און נאָר ביסלעכווייז הייבט זיך אָן פונאַנדערצעפענען דעם פאָרהאַנג פון די געשעענישן, וועלכע האָבן שטענדיק אַ געהיימען כאַראַקטער, און פאַר אונזערע אויגן, ביי גוואַלדיקער אָנשטרענגונג פון מחבר און לייענער הייבט זיך אָן פאַנאַנדערצעפּלאָנטערן דער פאַרוויקלטער קנויל, און דער ראָמאַן דרייט זיך אַלץ אַרום אָט דעם פּלאָנטער און דער מחבר מיטן לייענער דרייען זיך מיט ווי פאַרבלעפט.

בערגעלסאָן האָט נישט די רוהיקייט פוּנם ערשטן און ווייסט נישט פון דעם פלאָנטער, וואָס ביים צווייטן, נישט עס ווערט ביי אים געפירט צו הויפט-געשעענישן, און נישט די הויפט-געשעענישן זענען דער עיקר אין בוך, — נישט אַרום זיי פירט זיך דער ראָמאַן. דאָס לעבן גייט זיך זיין וועג, ווי אָן דעם וויסן און ווילן פוּנם מחבר. עס גייען זיך דורך קליינע, דוכט זיך גאָרנישט קיין וויכטיקע מאָמענטן און דערביי ווי בדרך אגב, אָן שום אָנשטרענגונג פוּנם מחבר, קומען פאָר אויך וויכטיקע מאָמענטן. באָר די וויכטיקע, ווי די נישט וויכטיקע, גייען דורך אַליין, אָן ספּעציעלע הקדמות און הכנות, אָן פריער-דערקלערונגען און נאָכווערטער. און אַזוי אַרום איז דאָס געשילדערטע פאַר אונז געזעצלעך און נאַטירלעך און מיר זענען דעריבער מער פון אַלץ און דער עיקר די געשעענישן גופא און ווייניקער פון אַלץ דעם מחבר. און מיר קענען באָר פרעגן: פאַרוואָס, אייגנטלעך, האָט ער פון די געשעענישן ביי די געשילדערטע אַרויסגעכאַפּט די מאָמענטן, און אַנדערע, אפשר אויך אַזוינע וויכטיקע, איז ער פאַרבייגעגאַנגען און זיי אַדורכגעלאָזט.

ער איז אָביעקטיוו, אויף וויפל ער זאָגט נישט אונטער זיינע טיפּן קיין ווערטער און פירט זיי נישט אומגעריכט צו וואָסער-ס'איז געוואונשענעם פאַר אים ציל. ער איז אָבער סוביעקטיוו, ווייל ער קוקט מיט אַן אייגנאַרטיקן קוק אויף די מענטשן און זייערע טאַטן, און דער טאָן, וואָס ער דערציילט וועגן יעדן איינעם פון זיי, איז שוין אַ ספּעציפישער, אייגנאַרטיקער. עס ווענדט זיך שטאַרק פון זיין באַציהונג צו דעם אָדער יענעם מענטשן.

ער האַלט נישט זיינע טיפּן אין זיין רשות. ער איז זיי נישט קיין מורה-דרך; זיי לעבן זיך אויף זייער אייגענעם שטייגער, לויט זייער אייגענעם ווילן און באַדערפעניש. די סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע אָבער פון בערגעלסאָנען בנוגע צו דעם אָדער יענעם טיפּ לאָזט זיך גלייך פילן, פון דער ערשטער באַגעגעניש אָן. ער גיט איבער וועגן זיי דוכט זיך פון דער זייט, כלאחר-יד, ער דערציילט וועגן פאַרשיידענע פאַסירונגען אין צוזאַמענשטויסונגען אין זייער לעבן, אָבער מיר פילן אַ באַוואוסטזיניקן פאַרשווייגן, אַ

פאַרגלעטן פון שוואַכע זייטן אין זייער כאַראַקטער. בא א צווייטן פאַרקערט טייטלט בערגעלסאָן און שטרייכלט אונטער נארישע און לעכערליכע שטריכן.

און אינטערעסאַנט:

אין ווייטערן גאַנג פון דער דערציילונג באַקומען די מענטשן אין אונזערע אויגן אַן אַנדערן אויסזען מיר באַקומען שפּעטער וועגן זיי אַן אַנדער פאָרשטעלונג און מיינונג, ווי בערגעלסאָן אַליין האָט פון אָנהייב אָן געוואָלט אונז איבערגעבן. דער קינסטלערישער אמת באַזיגט די פּערזענלעכע סימפּאַטיע פונם מחבר. דער טיפּ ווערט געטריבן אין פאַרלויף פון דער האַנדלונג אין בוך מער פון זיינע אייגענע מעגלעכקייטן און אייגנשאַפטן, איידער פון דעם ווילן פון מחבר. עס קומט פאָר ווי אַ באַהאַלטענער קאַמף צווישן טיפּ און מחבר: דער העלד רייסט זיך צו באַווייזן זיך אַליין, ער לאָזט רעדן זיינע אייגענע טאַטן, דורך וועלכע עס ווערט באַוויזן צום בעסטן זיינע אייגנשאַפטן. צו וועלוול בורנעס, למשל, האָט זיך בערגעלסאָן לכתחילה באַצויגן נעגאַטיוו מיט אַ ביטול. ער האָט וועגן אים פון אָנהייב אָן איבערגעגעבן לעכערלעכע מעשיות און געוואָלט אים אַרויסשטעלן פאַר אַ פּשוטן און אומגעלומפּערטן נפש. מיט דער צייט אָבער טרעפן מיר זיך מיט וועלוולען אַליין, מיר דערקענען זיין זויבערן כאַראַקטער, מיר ווערן אַנטציקט פון זיין אויפנעמען מענטשן און געשעענישן, און בערגעלסאָנס ערשטע אַטעסטאַציע וועגן אים וואַרפן מיר אָפּ. אין ווייטערדיקן גאַנג פון בוך באַמערקן מיר, ווי וועלוול האָט מורא פאַר בערגעלסאָנען און פלייסט זיך אַרויסדרייען פון זיין אויג און אויער. דערשפּירט ער נאָר בערגעלסאָנס אָנקומען, אַזוי איילט ער אַוועקצופאָרן. גלייך וואַקסט אויס די פור זיינע, און מיר זעען אים אין זיין וועג־כאַלאַט און באַלד — דעם שטויב פון דער פאַרשוואונדענער פור.

אַזוי איז אויך מיט מאָנטשיקן.

בערגעלסאָנען ווילט זיך אַלץ אים פאַרטרויען מירעלען, ער וויל אַלץ־בעסער אים אַרויספירן פאַר אונז. אָבער אָט דער צעטראָגענער בחור מיט דעם מבולבלען מח קען זיך בשום אופן

נישט אויף אַ ווײַלע קאָנצענטרירן, דורכקלערן און דורכפילן אַ־זאַך. און וויפל בערגעלסאָן באַמיט זיך נישט אים אויסצופיינען, איז זײַן קאָפּ אַלץ פאַרטומלט, און אַזוי אַ פאַרהאַוועטער פאַרבלייבט ער לעבן ביי אונז.

עס העלפט נישט בערגעלסאָנען זיין גוטער ווילן און זיינע פערזענלעכע כּוונות, די געשעענישן גייען זיך מיט זייער אייגענעם, נאַטירלעכן וועג, זיי רעדן ביי אים מער, ווי ער אַליין, זיי טוען זיך זייער ארבעט, לויט אייגענע געזעצן.

עס טרעפט אַזוי אָפט, אז מירל באַהאַלט זיך פון בערגעלסאָנס אויג. עפּעס טוט זיך אין איר לעבן, עס קומען פּאָר ביי איר וויכטיקע פּאַסירונגען, וואָס מיר וויסן וועגן זיי נישט און, דוכט זיך, עס ווייסט וועגן זיי אויך בערגעלסאָן נישט. ער שטויסט זיך נאָר אָן און מאַכט אויספּירן אויפן סמך פון השערות. עטלעכע טעג פאַרשווינדט מירעלע פון מחברס און אונזער אויג, עס טוט זיך אָבער פאָרט עפּעס ביי איר, עפּעס־וואָס נעמט זי פּאָר, ערגעץ־וואו גייט זי. ענדליך באַגעגנט זי בערגעלסאָן גאָר צופעליק און אומגעריכט, און ער דערציילט אונז וועגן דעם: „זי איז געגאַנגען מיט אַ דאַמע אַ ברונעטין, וועלכע האָט אויסגעזען מיט אַ פינף־זעקס יאָר עלטער פון איר, אַפּנים, איר געשוועסטער־קינד, אידאַ שפּאָליאַנסקי, איז דאָס געווען". און ער גיט צו וועגן מירעלען: „איר פיגור האָט אויסגעזען אַזוי פאַרעקשנט און שטרענג, און דערציילט האָט זי אָן לשון וועגן איר, דער בת־יחידיש־אומגליקלעכער: זי האָט טאַקע נישט קיין אָרט אין לעבן, נאָר זי איז אָן עפּעס איינגעשפּאַרט און האָט נישט קיין רחמנות נישט אויף זיך און נישט אויף קיינעם".

און מיר, די לייענער, ווערן שוין אַ שותּף צו דער „מעשה־יצירה" פון דעם לעבן, און ווי דער מחבר אַליין קאָנען מיר שאַפן ווייטער, ציען דעם פאָדעם פון דעם געשילדערטן טיפּ.

„נאָך אַלעמען" דרייט זיך אַרום איין מיטל־פונקט, אַרום מירלען, און די העלדן אין „נאָך אַלעמען" ווערן געגעבן אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיי האָבן אַ שייכות צו איר. איר לעבן ווערט גע־שילדערט ווי אַזוי עס גייט זיך, עס איז נישט פאַרגיכערט, עס

זענען נישטאָ קיין ספּעציעל-געקינצלטע געשעענישן. איז דעריבער ערטערווייז נישטאָ אין „נאָך אַלעמען" קיין איבעריק לעבעדיקע, באַוועגלעכע האַנדלונג און עס איז ווייניק דראַמאַטיש. אַזוי אָפּט פאַרגעסט זיך דאָרט דער ליטעראַט, און בערגעלסאָן ווערט מיטגעצויגן פון דער מיטגעפיל-ליבע צו מירלען און צו אַלץ, וואָס מיט איר, און עס ווערט שוין גאָר דאָס אינטימע בוך פון מירלען, ווי מירלס טאָג-בוך. און צו די איבעריקע מענטשן באַציט זיך בערגעלסאָן דאָס רוב דורך מירלען, דורך איר וועזן, עס איז מירלס באַציהונג.

און אויך די געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין בוך קומען נישט צוליב זיך, אין זייער גאַנצער גרויס און ברייט. פון די געשעענישן ווערן געגעבן שטיקלעך, אייניקע שטריכן און מאָמענטן, אויף וויפל עס מערקט זיך אין זיי עפּעס וואָס כאַראַקטעריסטישעס פאַר די געשילדערטע טיפּן און איבערהויפּט וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו מירלען. ער מאָלט אויך נישט די נאַטור לשם מאָלן, ער לעבט נישט מיט איר לעבן און באַמיט זיך נישט אויפברענגען זי ווי זי איז. ער נעמט זי אויף אויף אַזוי פיל. אויף וויפל זי איז ענג פאַרבינדן מיט זיינע מענטשן און פאַרגאַנצט די שטימונג אין דעם אָדער יענעם מאָמענט.

„נאָך אַלעמען" באַשטייט דערום פון סצענעס, בילדלעך, איינצלנע, ווי אָפּגעריסענע איינע פון דער צווייטער. ג אַ נ צ ע בילדער, וואָס זאָלן שילדערן אַ שטיק געשעעניש, אויספירלעך, מיט ברייטקייט, מיט פאַרנעם זענען פאַראַן געציילטע: דער אָוונט ביי טאַראַבייען, דער קנאַסמאָל, דער שבת-צו נאַכט ביי די זיידענאָזאָסקיס. אָבער די אַלע קליינע סצענקעס זענען זייער לעבעדיק, רעליעף, ווי אויסגעטאָקט, און יעדע פון זיי זאָגט פיל און גיט צו שטענדיק נייעס צום ראָמאַן אינגאַנצן, צו דער כאַראַקטעריסטיק פון מירלען און פון די זייטיקע מענטשן. און מערקווירדיק: ווי סצעניש עס איז נישט דער ראָמאַן, אָבער עס פעלט אין אים דער דיאַלאָג. בערגעלסאָנס מענטשן רעדן, שמועסן צווישן זיך זייער ווייניק. קיין געשפּרעכן זענען אין „נאָך אַלעמען" נישטאָ, עס וואַרפט זיך נאָר דורך אין דעם המשך פון דעם ראָמאַן אַ כאַראַק-

עריסטיש וואָרט, אַ פּראַזע פון דעם מענטשן, וואָס ער טוט אַמאָל א וואָרף. אָבער דאָס אַרויסגעזאָגט וואָרט איז שטענדיק לעבעדיק, אויסגעטאָקט, קורץ, שאַרף און זייער טרעפלעך.

אין „נאָך אַלעמען" ווערט אַלץ איבערגעגעבן דורך שילדערונגען און בילדער, דאָס געטועטע ווערט דורכגעפירט דורך באַוועגונגען, פאַסירונגען און לעבעדיקע מעשים. אין קיין אָרט אָבער גייט נישט פאַרלוירן די פערזענלעכקייט פונם מחבר אין די געשעענישן-מעשים. די געשעענישן גייען שטענדיק דורך אָפּגעשפּיגלט שוין, ווי זיי זענען אויס דורך דער פּריזמע פונם מענטשנס כאַראַקטער און פּסיכיק. פיל מאָל ווערט פון אַ גאַנצער געשעעניש נעגעבן נאָר איין טייל, נאָר איין שטריך, פון דעם גאַנצן קנויל פאַסירונגען ווערט אַרויסגעצויגן נאָר איין פאָדעם. עס איז דערפאַר, ווייל בערגעלסאָנס מענטשן טרעטן אויף איין ווייל נישט אָפּ פון זיך, זיי קענען נישט זען וואָס עס איז אויסער זייער אייגענעם „איך". גלאַט-געשעענישן, סתם-צוזאַמענשטויסונגען, וואו דער מענטש איז אַ בייזאַך, אַ צוגעגעבענע פיגור, אַזוינע געשעענישן זענען ביי בערגעלסאָנען נישטאָ. די געשעענישן, ווי די נאַטור ביי בערגעלסאָנען, זענען שטענדיק דער טפל, אַ צוגאָב צום טיפ, און דער טיפ נעמט זיי נישט אויף אינגאַנצן, אין זייער גאַנצער גרויס, ער כאַפּט אין די געשעענישן אַ טייל, וואָס אינטערעסירט אים, וואָס איז אים באַזונדער נאָענט און צום האַרצן.

און נישט צופעליק איז ביי בערגעלסאָנען נישטאָ די איצטיקע רעאַלעווירקלעכקייט, הגם זיין שרייבן איז אמתער רעאַליזם; נישט צופעליק פעלט ביי אים דאָס טאָג-טעגלעכע געגנוואַרט-לעבן, הגם די האַנדלונג איז פון דער הייַנטיקער צייט.

דער טיפּ ווערט געגעבן קודם-כל אַליין פאַר זיך, אָפּגעטיילט און אויסגעטיילט פון דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער און געזעלשאַפטלעכער טענדענץ און געוויס וועט שוין דאָס געזעלשאַפטלעכע אין זיינע אויסערלעך ממשותדיקע פאָרמען נישט פאַרנעמען קיין אָרט אין בערגעלסאָנס שאַפן. אויך אין דעם געזעלשאַפטלעכן טיפּ זעט בערגעלסאָן פריער פון אַלץ און הויפּטזאַכלעך זיין אינטימע וועלט, זיין פּסיכיק, די קנייטשן פון זיין

זינעווייניקסט ווען, אָט דאָס אויסגעשפּראָכן - אינדיווידועלע, וואָס טיילט אים אַרויס פון קאָלעקטיוו. בערגעלסאָנס מענטש, הגם ער איז דורכאויס פון לעבן, פון געזעלשאַפט, איז אָפּגעשיידט פון דעם כּלל-לעבן, פון אַקטיוון שאַפנדיקן קאָלעקטיוו. ער פּלייסט זיך אויך נישט צו געבן דעם דורכשניט-מענטש, דעם שאַבלאָן, דעם טיפּישן. ליפּקיס איז נישט דער כאַראַקטעריסטישער סטודענט, ווי מאָנטשיק זיידענאָווסקי איז נישט דער כאַראַקטעריסטישער ציוניסט. אָבער יעדער איינער איז פאַר זיך כאַראַקטעריסטיש, אויסגעהאַלטן, קאָנסעקווענט.

בערגעלסאָן באַמיט זיך נישט דורך דעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון אַ מענטשן דערגיין צו זיין געזעלשאַפטלעכער פיזיאָנאָמיע, און די געזעלשאַפטלעכע פיזיאָנאָמיע פונם מענטשן דינט פאַר אים נישט ווי אַ באַווייז אויף זיין אינערלעכער וועלט. פון דער גאַנצער גרויס און ברייט פונם מענטשנס לעבן און שטרעבן, פון דעם גאַנצן סכום פון זיין וועלט-קוק, באַגייסטערונג און שטרעבונג, בעסערקט ער, אָדער ריכטיקער, כאַפּט ער איינצעלנע שטריכן, וואָס זענען פאַר אים כאַראַקטעריסטיש. און זעען מיר זיי איינמאָל, קען מען זיי שוין נישט אָפּטיילן פונם מענטשן, אַזוי צוגעפּגעבונדן צוגעפּגעלעבט ווערן זיי מיטן טיפּ.

בערגעלסאָנען פעלט אינגאַנצן די אָביעקטיוויטעט, די רוהיקייט בנוגע צו זיינע מענטשן.

ער איז צו עמפּינדלעך-קאַפּריז צו זיי, אים פעלט די רוהיקע אָביעקטיווע באַציהונג צו מענטשן. ער וויל נישט אַריינדרינגען אין תּוך אַריין, ער וויל זיך נישט געבן קיין מי צו דערוויסן זיך וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך מיט זיי. ער גייט קיינמאָל נישט אַוועק פון זיך און לעבט קיינמאָל נישט אינגאַנצן מיטן טיפּ און זיין לעבן. ער פירט דורך דער עיקר דאָס, וואָס ער רעכנט, אַז ס'האָט די ווערט דורגעפירט צו ווערן, און בכלל פּרטים פון אַ געשעעניש פאַרנעמען אים נישט. יעדעס בילדל אינם בוך טראָגט אויף זיך ממילא דעם טאָן, דעם אייגנאַרטיקן לייט-טאָן פון בערגעלסאָנס מוזע. עס דוכט זיך אַמאָל, אַז זי איז אַ ביכטערע, מיט קלאָרע, בולטע פאַרבן, אָבער אין אמתן איז שטענדיק ארויפגעצויגן אויף

איר אַ דין הייטל, און אין די פעסטע קלאַנגען הערן מיר אָן אויפהער אַ שטילן עלעגישן צושפּיל און נאָכשפּיל.

אין זיין דערציילן פילן מיר הארציקייט און אויך אַ גלייכגילט, הייסן מיטגעפיל און קאַלטע באַציהונג, באַגייסטערטע אַנטציקונג און דעם שטאַרקסטן ביטול. אָט איז פאַר אים דער מענטש קליין נישטיק און אַלץ, וואָס ער טוט איז אַזוי נאַריש און איבעריק און גלייך וואַקסט אויס פאַר אים יעדער מענטש און איז פול מיט לייד און פרייד, מיט טיפן טראַגיזם און אינערלעכע הארה, וואָס רופט ארויס ביי בערגעלסאָנען שטאַרקן מיטפיל און פיינלעכע מיטלייד.

קליין און נאַריש איז דער מענטש מיט זיינע פאַרלאַנגען־שטרעבונגען, ער איז זייער לעכערליך אין זיינע באַגעגענישן מיט מענטשן, אָבער ער ציט־צו מיט זיין אייגנאַרטיקער וועלט און טיף־באַהאַלטענער שיינקייט, מיט דעם סוד פון זיין לעבן, וואָס איז אים אָנגעצייכנט אָן זיין וויסן און אַזוי אָפט קעגן זיין וויסן. ביי מירלען, וואָווע בורנעסן, שמואליק זיידענאָווסקין, ביי דער אַקושאָרקע שאַץ, מאָנטשיק, דעם פּאָעט הערץ איז פון לעכע. לעכע צושטאַנדן ביז צו טראַגישע מאָמענטן נאָר איין טריט. אין באַגעגעניש מיטן צווייטן איז דער מענטש אָפטמאָל נישטיק, אומגעלומפערט, קליינלעך און נאַריש, ווען אָבער ער בלייבט מיט זיך אַליין, מיט זיין אינערלעכער וועלט, איז ער אינטערעסאַנט און אייגנאַרטיק.

נישטאָ קיין שלעכטס און נישטאָ קיין גוטס, וואָס קומט פון אויסן, פון זייטיקע סיבות; דער מקור פון אַלץ איז אין מענטש אַליין, אין זיין כאַראַקטער און פּסיכיק, אין זיין וועזן גופא. די יסורים, וואָס קומען אויף אים, ברענגט זיי קיינער נישט פון אויסן, זיי קומען אָן אַליין, זיי ווערן אַרויסגערופן און ציען זיך פון דעם מענטשנס אינעווייניקסטן לעבן, — אַזוי איז שטענדיק ביי בערגעלסאָנס טיפּן. מעכאַניש־צוגעגעבענע און צוגעטראַכטע סאָציאַלע אָדער עקאָנאָמישע סיבות און אומשטענדן ברענגט בערגעלסאָן גאָר ווייניק, דער טיפּ איז אָרגאַניש פאַרענדיקט.

און דעריבער איז נישטאָ וועמען צו באַשולדיקן: קיינער איז דאָ נישט שולדיק, אָדער אַלץ איז שולדיק.

בערגעלסאָן שמועסט נישט און דערקלערט נישט אין זיין שרייבן. פאַראַן שרייבער, וועלכע האָבן לכתחילה דעם געדאַנק, דאָס פּראָבלעם, און דערנאָך ערשט קלייבן זיי צו מענטשן, געשעענישן און צוזאַמענשטויסונגען, דורך וועלכע זיי זאָלן קאָנען אַרויספירן דאָס געוואונשענע. און מער ווי עס רעדן די געשעענישן, געבן צו הערן וועגן דעם די פּערסאָנאַזשן. און כדי וואָס שטאַרקער צו לאָזן פילן דאָס פּראָבלעם, ווערן בכיון אַרויסגעפירט מענטשן מיט סתירותדיקע כאַראַקטערן, וועלכע רופן אַרויס שטענדיקע חילוקי-דעות און רייבונגען און אין דעם שפּיגלען זיך אָם שטאַרקסטן אָפּ די פאַרשיידענע שטריכן פון מאָראַל, געדאַנק און לעבנס-אידעען. אין אַזעלכע ביכער איז שטענדיק דאָ איין פּראָבלעם, צו וועמען עס ציען זיך אַלע שטראָמען אין ווערק. אין „נאָך אַלעמען" איז נישטאָ דאָס איין פּראָבלעם, וואָס דער אויטאָר זאָל האָבן פריער אַרויסגעשטעלט. עס ווערן ווי אויסגעמיטן צוזאַמענשטויסונגען. יעדערער פלייסט זיך אויף וויפל ער קען נאָר נישט צו שטערן דעם צווייטן, נישט צו שטעלן זיך אים אויפן וועג, יעדער האָט זיך אַ הינטער-וועגל, וואוהין ער רוקט זיך אָפּ, ווען דער צווייטער שטייט אים אויף זיין וועג. און דער עיקר דראַמאַטיזם איז גאָר אין דער שטיל, אָפּגערוקט פון דער ברייטער אַרענע, און ס'איז נישטאָ קיין איין פּראָבלעם, עס זענען פאַראַן פיל פּראָבלעמען, וועלכע שווימען אַרויס אינם גאַנג פון די געשעענישן און שאַפן זיך דורך דעם עצם-לעבן אין בוך.

נישטאָ קיין אויסערגעוויינלעכעס און עס ווערט נישט געטייטלט אויף דאָס טראַגישע. דער עיקר טראַגיזם איז גראָד אין דעם געוויינלעכן, און אָט דאָס געוויינלעכע ווירקט אַזוי שטאַרק און אָפּטמאָל וואָלט זיך אַזוי געוואָלט, עס זאָל אויסברעכן עפּעס-וואָס אויסערגעוויינלעכעס, וואָס זאָל איבעראַנדערשן, איבערדרייען, איבערקערן דעם פאַמעלעכן גאַנג פון נודנעם לעבן.

אָבער פון דעם געוויינלעכן לעבן ווערט געשאַפן עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. אין דאָס קליינע, נישט וויכטיקע ליגט דאָך

גרויסעס, שטענדיקעס. צוזאַמען מיט די געשעענישן קומען אַרויס זייערע אָפּקלאַנגען, צוזאַמען מיט די מענטשן — זייערע שאָטנס. יעדע קליינע מעשה ווערט באַגלייט מיט איר נאָכקלאַנג, און דער דומם הויבט אָן צו רעדן, און עס מישן זיך צונויף ווירקלעכקייט און אָפּקלאַנג, געשעעניש און שאָטן.

און מיר אַליין באַמערקן שוין נישט, ווען פון דאָס צופעליקע, איינצלנע וואַקסט אויס עפּעס גרויסעס, אייביקעס, און פון דאָס רעאַלע, ווירקלעכע און טאָג-טעגלעכע — סימבאָלישעס.

1914

# בערגעלסאָנס
# „אין א פארגרעבטער שטאט"

דוד בערגעלסאָנס „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט", וואָס האָט זיך צוערשט געדרוקט אין ווילנער „יידישע וועלט" (אין 1914) און איצט איבערגעדרוקט אין אַ באַזונדער בוך, האָט אין זיין צייט געהאַט נישט קיין באַשטימטן קבלת-פנים ביים לעזער-עולם. דער יידישער לעזער האָט זיך דאַן געפונען אונטערן איינדרוק פונם ערשט ערשינענעם, שטיל-בענקענדן און סוביעקטיוו-עלעגישן „נאָך אַלעמען", און דער שטאַרק-רעאַליסטישער „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" איז געווען פאַרן לעזער צו ראַשיק צו הילכיק און דערום עפעס פרעמדלעך. און ס'איז געווען פארשטענדלעך די מגושמדיקע, עקשנותדיקע באַציהונגען און די הילכיק-טעמפּע קולות פון דער פאַרגרעבטער שטאָט האָבן כלל נישט געשטימט מיט די באַהאַרציקטע, נאָגנדיקע טענער און מיוחסדיק-פאַרפיינערטע מאַניערן פון „נאָך אַלעמען".

די דערציילונג „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט" איז אָבער אָן ספק אַ וויכטיקער שריט אין בערגעלסאָנס שאַפן. „אַרום וואָקזאַל" און „נאָך אַלעמען" זענען שטאַרק סוביעקטיווירט געוואָרן דורך בערגעלסאָנס גייסטיקע שטימונגס-וועלט. אין זיי האָט בערגעלסאָן געגעבן, געשילדערט און אָפּגעשאַצט אַ באַשטימטע אידעען- און שטימונגס-אַטמאָספער, אין וועלכער ער אַליין האָט געלעבט, און אין וועלכער ס'האָט געלעבט, געזוכט און געטרוימט די יידישע באַלעבאַטישע און בגידישע יוגנט. אַרום אָט די זוכענישן און טרוימען, בענקשאַפט און נישט-באַפרידיקטקייט האָט געלעבט און געוואקסן בערגעלסאָנס טיף-אינערלעכע און אינטים-סוביעקטיווע שעפערישע אינטואיציע און מיט איר שיין און שאָטן זענען באַ-

גאָסן געווען אַלע בלעטלעך פון זיין „אַרום וואָקזאַל" און „נאָך אַלעמען". „אין אַ פּאַרגרעבטער שטאָט" איז געווען אַ פּרוב פונם קינסטלער צוצוגיין מיט שטרענג-אָביעקטיווע, רעאַליסטיש-ממשות-דיקע מיטלען צו אַ שטיקווירקלעכקייט, וואָס איז אין תּוך און אין עצם פרעמד דער גייסטיקער און אידעישער וועלט פונם קינסט-לער, אָבער וואָס ציט אים צו מיט דער קראַפט פון ממשות-דיקן, רעאַלן זיין. און מיר פילן דאָ, ווי בערגעלסאָן אַליין איז צופרידן פון זיין נייעם, הילכיקן אַרט-שאַפן. עס איז אים שווער געוואָרן דאָס שטילע, פּאַסיווע, ציטערדיקע, און די קינסטלער-מוסקולן שטרענגען זיך אָן און פאַרמעסטן זיך אויף אַ שווערן, נישט-געוויינלעכן פאַר אים געוויכט. און דעריבער אפשר האָבן מיר דאָ גוזמא, גוזמא אין די ראַשיקע הילכיקע טענער, גוזמא אין די פאַרגרעבטע באַציהונגען פון די מענטשן. בערגעלסאָן האָט דאָ אין פיל ערטער אַריבערגעבויגן דעם שטעקן אויף דער צווייטער רעאַלער און ממשותדיקער זייט...

אַן אָנצוהערעניש, אַז ריין-רעאַליסטישע אויפפאַסונג איז דעם סוביעקטיוון בערגעלסאָן נישט פרעמד, איז געווען דער פּסיכאָלאָגיש רעאַליסטישער עטיוד „דער טויבער", וואו בערגעל-סאָן האָט געגעבן רעאַלע האַנדלונג און שטאַרקן ממשות-דיקן צוזאַמענשטויס פון סתירותדיקע סאָציאַלע כּחות, פון דעם אָרעמען טויבן מיטן רייכן ייד ביק, און די האַנדלונג און צוזאמענשטויס זענען שוין דאָרט געווען ענג פאַרוועבט אין אַ שטרענג-רעאַלן, פּסיכאָלאָגישן לעבנס-געוועב.

בולטער און שאַרפער קומט אַרויס ביי בערגעלסאָנען די אָביעקטיווע רעאַליסטישע לעבנס-אויפפאַסונג אין זיין גרעסערער דערציילונג „אין אַ פאַרגרעבטער שטאָט", אין וועלכער ער באַ-ווייזט זיך ווי אַ רעאַליסטישער שילדערער און פּרובט צו געבן אַן אָביעקטיוו-פאַרקילטן, פאַרהאַרטעוועטן שטיק לעבן. עס האָט זיך באַקומען אַ שטייפע לעבעדיקע און קרעפטיקע דערציילונג, וואָס לייענט זיך מיט אינטערעס און מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק מיט די פעסטע, געזונטע און גראָבע שטריכן, — דאָס, וואָס איז ביז איצט געווען פרעמד פאַר בערגעלסאָנען, — קינסטלעריש פרעמד

אין די ערשטע עטלעכע זייטלעך פון דער דערציילונג געפינען מיר נאָך בערגעלסאָנס עלעגישן טאָן, זיינע פאַרטרויערט-בענקעדיקע מאָטיוון, וואָס פאַרציען דאָס רעאַלע,ווירקלעכע מיט דעם באַהאַרציקן, נאָגענדיקן שלייער. נאָר וואָס ווייטער אין דער דערציילונג פאַרלירט זיך דער שטילער, ציטערדיקער טאָן, עס רייסט זיך אַלץ מער אַריין די הילכיקייט און געטומל פון די געשעענישן, עס וואַקסן די עקשנותדיקע בייזע און טעמפּע באַציהונגען צווישן דעם ווילדן אלישע אסנת און דער חברה קצבים פון דער שטאָט, און אָט די ערטער אין דער דערציילונג, דער געשלעג, דער צוגעפּרעסטער, אויפגערייצטער שרעק, וואָס הענגט אין דער לופט, די דויערנדיקע גסיסה פון אלישען, די באַציהונגען צווישן אלישעס ווייב מיטן ראַבינער בורמאַן, — דאָס אַלץ איז געשילדערט אין זייער רעליעפע, שטייפע, ראַשיקע פאַרבן און מיט אַ באַזונדערן גיכן און אָנגעשטרענגטן טעמפּ...

און איצט, נאָכדעם ווי דאָס אוקראַיניש יידישע לעבן איז אַזוי חרוב געוואָרן, ווען גאַנצע שטעט און שטעטלעך זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן מיטן וואָרצל, און אַלטע יידישע ישובים זענען איינגאַנצן אומגעקומען, — איצט ווען עס הויבט אָן זיך צו שאַפן גאָר אַ נייער לעבנס-שטייגער מיט נייע געזעצן און נייע באַדינגונגען מיט נייע מענטשן און נייער סביבה, — איז אָט די רוהיקייט און הרחבת-הדעת פון אָט דער פאַרגרעבטער שטאָט, וואָס איז אַזוי טעמפּ פאַרטון אין זיך, אין די אַלע נישטיקע קלייניקייטן, — אַזוי ווייט-ווייט פון אונז, פונקט ווי עס טיילן אָפּ צווישן יענעם און איצטיקן לעבן גאַנצע דורות, גאַנצע לעבנס. און די דערציילונג „אין אַ פאַרגרעבטע שטאָט“, וואָס איז געשריבן אינגאַנצן מיט 6—7 יאָר צוריק קומט אויס אין אונזערע אויגן ווי געשיכטע, אַן אַלט בלעטל געשיכטע פון אַמאָליקן לאַנג-פאַרגאַנגענעם לעבן.

און לייענען מיר איצט די קרעפּטיקע דערציילונג וועגן דער טיפּישער אוקראַינישער קרייז-שטאָט, דערוועקט זיך ביי אונז אַ פיינלעך ווייטיקדיקער בענקשאַפט-געפיל צו דער אַמאָליק-רוהיקער שטאָט מיט איר אויסגערוטע ייד,-איינוואוינער: ליגט דאָך

איצט אָט די אַמאָליק-רוהיקע אוקראַינישע שטאָט מיט אירע אויס געראָטע יידן-איינוואוינער אַ רואינירטע און פאַרבלוטיקטע, און ווער ווייסט, ווען און דורך וועמען וועט די יידישע שטאָט פון ס׳ניי אויפגעבויט און אויפגעשטעלט ווערן אויף פעסטע און גע זונטע יסודות.

און ווען וועט ווידער אַמאָל דער יידישער קינסטלער אין אוקראַינע, וואָס ערשט צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט ער פאַר־מאָגט אַזאַ רוהיקע קראַפט און שטייף-געזונטן קינסטלערישן חוש אויפצונעמען אַזוי פעסט און מיט אַזאַ זיכער, קאַלט - אָביעקטיוו אויג אַ געזונט, פעסט-געבויט לעבן פון אַ גאַנצע שטאָט מיט אירע איינוואוינער,—ווען וועט ער ווידער אַמאָל פאַרמאָגן אַזאַ רוהיקייט, אַזאַ זיכערקייט בנוגע דעם יידישן לעבנס-שטייגער?

דערווייל איז „די פאַרגרעבטע שטאָט" פון ד. בערגלסאָן אַ זכר צו אַ לעבן, וואָס איז אַמאָל, צוריק מיט אַ יאָר זעקס-זיבן, געווען.

1921

# בערגעלסאָנס ראָמאַן „אָפּגאַנג״

„אָפּגאַנג״ — אַזוי הייסט בערגעלסאָנס נייער ראָמאַן, וואָס איז געדרוקט אין צווייטן זאַמלבוך „אייגנס״ (פאַרלאַג „קולטור-ליגע״, קיעוו 1920).

דער ראָמאַן „אָפּגאַנג״ איז אַ וווּנדערשיינע רעאַליסטיש-לירישע פּאָעמע, — אַ ל י ר י ש ע פּאָעמע, וואָס איז דורכגעשאָטן מיט בולט ר ע אַ ל י ס ט י ש ע סילועטן-פלעקן. די רעליעפע, שטאַרק-בולטע טיפּן שניידן זיך אַרויס פון דעם דורכזיכטיק-באַשטראַלטן, עלעגיש-פאַרחלומטן פאָן אַרויס, זיי העלפן מיט און פאַרטיפן דעם עלעגיש מעלאַנכאָלישן מאָטיוו, וואָס ציט זיך איבערן גאַנצן ראָמאַן, פון איין פראַגמענט צום צווייטן.

שוין פון די ערשטע עטלעכע שורות ווערן מיר אַריינגעצויגן אין דער געדיכטער, נאָגנדיקער שטימונג, וואָס איז אָנגעזעטיקט מיט טיף-בענקנדיקע, פיינליך-טרויעריקע געפילן און איינצייטיק אויך מיט דעם יום-טוב-פרייד און אויפגעוואַכט-באַגייסטערטער ליבע. און וווּנדערלעך פלאָנטערן זיך אַזוי איבערן גאַנצן „אָפּגאַנג״ פרייד און טרויער, שיין און שאָטן, יוגנטלעכער צאַפּל און טויט-שרעק. און אַלץ ווערט באַגלייט מיטן ציטער פון די אויפגערעגטע מענטשלעכע נשמות, אַלץ טריפט אַרויס פון דער טיף פון די בענקנדיקע הערצער.

דאָס שטעטל ראַקיטנע איז אַן אויסגעטרוימט שטעטל. אַלע מענטשן, וואָס ווערן דאָ געשילדערט, אָנגעהויבן פון

דעם שעמעוודיקן מלך, וואס האט שטיל, שמייכלענדיק זיך געגומען דאס לעבן, ביז די אלע איבעריקע טיפן, זענען אויסגעחלומטע מענטשן. זיי גייען ארום אין דעםווירקליכן, רעלאַן לעבן פארנעפלטע, באצויבערטע און טראָגן יעדער איינציקער אין זיך דעם אומרו-גייסט פון בערגעלסאָן דעם קינסטלער.

בערגעלסאָן קוקט ניט אויף זיינע טיפן פון דער זייט, ער שילדערט זיי דא ניט פון דרויסן, ער באמערקט גאָרניט זייער אויסנווייניקסטן אויסזען און שטעלט זיך ניט אָפּ אויף דער אויסערער האַנדלונג. בערגעלסאָן גיט די אינעווייניקסטע מיליע. דער הויפּט-עלעמענט איז ביי אים דער אינעווייניקסטער קנויל פון פסיכישע שטימונגען און פסיכישע צושטאנדן. אַ פּאַטאַלער גורל פירט אָן מיט זייער לעבן. און דאס פּאַטאַלע קומט ניט פון די אויסערלעכע לעבנס-באדינגונגען, נאָר פון טיף-סוביעקטיווע אומשטענדן. בערגעלסאנס טיפּן זענען פאַרשלאָסן אין זיך און ווי בערגעלסאָן זענען זיי דורך און דורך סוביעקטיוו, דורכויס פאַרטון אין זיך. די סאָציאַלע אומשטענדן, די עקאָנאָמישע באדינגונגען זענען ניט דער ווירקנדיקסטער פאַקטאָר ביים אויסבילדן און באשטימען זייער כאַראקטער און וועזן. אין בעסטן פאל איז עס נאר דער פאָן, דער הינטערגרונט, אויף וועלכן ס'וויקלט זיך און ס'קנוילט זיך דאס אינעווייניקסטע, פסיכישע. רעאַלע טאַטן אין דער סוביעקטיוועր-אינטערפּעטאַציע פון טיפּ און דעם מחבר — דאס ווערט דורך בערגעלסאָנען אַדורכגעפירט מיט אַ וווּנדערבאַרער קינסטלערישער מייסטערשאפט אין „אָפּגאַנג"

---

„מיט יעדן אומגעריכטן בליץ האָבן זיך פלוצלונג, ווי אומגעריכט, אויפגעכאַפּט דער מילקוימען מיט די צוויי קלויסטערשפּיצן, וואָס איןביידע עקן ישוב, אונטער די בערג. מאָדנע נאַקעט, ווי נישט קיין היגע, האָבן זיי אַ שימער געטון מיט זייער צעשראָקן גאָלד אין דער ווייט, נאר נישט

דערקענט נישט זיך אַליין, נישט די געגנט אַרום און האָבן איינגעדרימלט צוריק מיט אַ מינע פון אויסגעוועבטן פּחד און פון בטלן חלומות".

אָט אַזוי אינם אומגעריכטן בליץ פונם אויטאָרס קינסט-לערישן אויג כאַפּן זיך אויף פון דעם ארומיקן ווירקלעכן נעפּל-לעבן שטיקער מענטשן, שטיקער געשעענישן. זיי קומען אויף פאַר אונז, פאַר זיך, ווי נישט קיין היגע. ערגעץ זענען זיי פאַרפלאָנטערט אין דעם אייגענעם געדיכטן לעבנס-געוועב פון זייערע סודותפולע נשמות, פאַרטיפט און פאַרטון זענען זיי אין די שאָטענס פון זייער אייגענער זעל, און אָפּטמאָל אַזוי, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, אומגעריכט פאַרן צווייטן גיבן זיי אַ שימער, טון זיי אַ בליץ-אויף מיט זייער צעשראָקן אינערלעכן גאָלד. עס טוט אַ שטראַל ארויס פון זיי זייער אינטויטיווע שפע און זיי ווערן אַליין אָנגעצינדן און צינדן אָן אויך דעם צווייטן. און גיך, גאָר גיך דרימלען זיי ווידער איין און ווערן פאַרשווונדן אין דעם אייגענעם און אַרומיקן עולם-התוהו.

---

דער תמיד שעמעוודיקער און תמיד שמייכלענדיקער לאַנ-גער בחור מלך איז אַראָפּגעקומען קיין ראַקיטנע פון דער גרויסער שטאָט, וואָס איז פול „פון לעפּישע שאָטנס, וואָס לאַרימען און שרעקן און וועבן דער וועלט תוהו ובוהו". צוויי יאָר איז ער שוין ערגעץ געווען פאַרשיקט פאַר דער אָנגעהעריקייט צו אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. קומט ער אַראָפּ אַהער אין שטעטל אַ שטילער, פאַרבאָרגענער, לעבט אין אַן אויסגעחלומט-אויסגעוועבטער וועלט און אויך שטיל-שמייכ-לענדיק נעמט ער זיך דאָס לעבן. און זיין חבר חיים-משה, דער המשך פון דעם אוועקגייענדיקן מלך, קומט אראפּ קיין ראקיטנע וועגן אַן ענין, וואָס האט שוין זויך עפּעס אַ נאָענטן שייכות צו מלכס אַוועקגיין פון דער וועלט.

„בנוגע צו זייביידן איז זיך גאט זייער נישט לייטיש באַגאַנגען. איז אבער קלאָגן זיך נישט שייך; מישן זיך — אויך נישט. איז גאָרנישט: איז מען גרים... וועט מען זיך אַזוי אַרומדרייען, מ׳וועט זען, הערן און שווייגן. מ׳האָט אַן אייגן צוגעטראכט וואָרט און מ׳חזרט עס אַלעמאָל איבער:

דער שטומער פּראָטעסט... דער אייביקער שטומער פּראָטעסט".

אָבער בערגעלסאָנס שטומער פּראָטעסט פאַרמאָגט אַן אומרויקע, פיינלעכע אויפרעגונג און דאס באפרוכפּערט אים, גיט אים צו חיות און קראַפט: דאס אויפגערעגטע, ליידנדיקע הארץ האלט אין איין פלאַטערן, אין איין הייליקן ברענען. אַלע מענטשן, דער גרויס-גופיקער יצחק-בער, דער טיף באַ-וווסטזיניקער חיים-משה, דער עזותניק פּרעגער, די אַלע פּרוי-ענטיפן, — זיי אַלע לעבן אַן אויסערגעווייניכלעך אָנגעשטרענגט לעבן.

נאָך עטלעכע טעג פון קרענקלעך אָנגעשטרענגטן פלאָנ-טער, טענהט חיים-משה צו זיך אַליין:

— „דער עיקר איז אומרו, מלך!"

און אומרו באוועגט די אַלע מענטשן, ציט זיי איינעם צום צווייטן און דערווייטערט זיי. אָפטמאָל ווערן מטושטש די ביז גאָר רעליעפע, בולטע סילועטן פון די טיפּן און עס בלייבט ביי אונז אין מח נאָר דער אַלגעמיינער אומרו, וואָס דרייט ווי אין אַ וויכער די אַלע פאַרשווינען אין „אָפּגאַנג".

חיים-משהן אַליין פאַלט אָפט, גאָר אָפט, איין, אז „עה, חיים-משה, און מלך — דאס זענען אין תוך געגומען איין מענטש". און סוף כל סוף מוז ער אין זיך גובר זיין זיין אייגענעם ווייך-שמייכלענדיקן מלכן און ער פרווט אים אַרויס-רייסן פון זיין האַרץ. ער וויל אויך אַוועקגיין פון דער וועלט, אָבער אַוועקגיין וויל ער „מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר און זאָל א ציטער טון די שטוב, — זאָלן זיך אויפכאפּן די קליינע קינדער". און וועגנדענדיק זיך צום פאַרשטאָרבענעם מלך פרעגט ער זיך אליין: „איז צוליב וואָס נוצט די ווייכ-

קייט בגוגע צו א וועלט, וואָס מען אַנערקענט זי נישט! צו־
ליב וואָס שמייכלען, מלך?"

אָבער אָט דער שטרענגער חיים־משה פאַרמאָגט אין זיך שטאַרקע ליבע און צאַפּל צום לעבן, צו דאָס צארטע אין לעבן, צו דער פרוי. ער אליין קעמפט מיט זיך, קעמפט מיט די אינערלעכע געפילן. ער גייט נאָך נאָך זיינע אייגענע גע־דאנקען, ציילט זיינע אינערלעכע טריט און קאָן זיך שוין אליין דערפון נישט באַפרייען און ער טראכט: „אך, יאָ, מאָד־נע. ווי קלאר דער שעמעוודיקער מלך זעט איצט אלץ פון דאָרט, פון יענער וועלט... קרעמער האָבן ליב צו ציילן... יאָ, חיים־משה, ווייל אויך דו האלסט אין איין ציילן... און נישט ווי אַ קרעמער ציילסטו, נאָר ווי א טייוול".

אָבער אָט דער טייוול האָט אן אויפגעוואכט הארץ, עס רוט אין אים א שטענדיקע יום־טוב־שטימונג, אַ פרייד־אויפרע־גונג, וואָס איז אינגאנצן גובר די ארומיקע וואָכעדיקייט. ער וועקט אויף אויפרעגונג ביי אלע ארומיקע און דערהייבט זיי מיטאַמאָל פון דער אלטעגלעכקייט. ציען זיך שוין צו אים אויפגערעגטע בליקן מיט הייליקע פייערלעך אין די אויגן. און ער אליין צינדט זיך אויך יעדעס מאָל אָן און דאָס הארץ ווערט איבערפולט מיט פרייד און באגייסטערונג. ער שפאַנט אזוי ארום ווי אַ פרעמדער, נישט־היגער. פלוצלונג טוט ביי אים עפּעס אַ בליץ אין געדאנק. „דער מח איז גלייך שכור געווארן און אין זיינע אייגענע אויגן איז מיטאַ אַל פארגרעסערט געוואָרן דער ווערט פון דעם, וואס ער טראָגט".

און אפילו חוה פויזנער, אָט די שלאַנקע, שיינע חוה פויזנער מיט דעם עזותדיקן קלוגן בליק פון אירע היפּשע, כמעט בולטע אויגן, וואס הויבט שוין אָן אלץ נאכגעבן איר פאטער, דעם קרעמער, אויך זי איז כמעט שטענדיק אַ יום־טובדיקע.

„ביי חוה פויזנער איז די שטימונג פון טאָג צו טאָג געווארן אלץ מער אויפגערעגט און פריילעך אויפגערייצט.

אלע פארנאכט איז זי געזעסן נעבן דער געשלאסענער

קלייט אויף די טרעפלעך, און וואס מער טונקל די נאכט איז געווארן, אלץ מער האבן זיך געלויכטן און געגלאנצט אירע היפשע כמעט רויטע אויגן. איר גאגצער אויסזען איז געווען אזא, גלייך זי האט גאנצע יאָרן געווארט אויף איי־נעם א מאָדנע אָנגעלייגטן גאסט. און אָט איז שוין שבועות; ס'איז פארנאכט: די גאס איז צוגעקערט, זי איז אנגעטון, און דער גאסט איז נאך אלץ נישטא"...

און אט פון דעם שכרותדיק־שטרענגער אבער באגייס־טערטער פרייד פון חיים־משהן, פון דעם שטומען פראָטעסט פון מלכן און פון דער טיפער נאָגנדיקער בענקשאפט פון חוה פויזנער, פון דעם צולהכעיס־לעבן פון פרעגערן איז דורגעוועבט דאס גאנצע בוך „אפגאנג".

בערגעלסאן פירט אַ דורך די לעצטע מאהיקאנער פון יידישן שטעטל, וואס טראגן אין זיך די קללה און ברכה פון אן איינגייענדיק לעבן. זיי שטייען אלע ווי ביים לעצטן ראנד פון לעבן, ווייטער גיין קאן מען שויז ניט, ס'מוז קומעז אַ באנייונג...

---

„אָפּגאנג" — עס דארף הייסן דער בארג־אראָפּ פון דעם יידישן שטעטל, דאס לעצט אויסגעחלומט ווארט פון דעם אוועקגייענדיקן, די דיכטערישע מצבה אויף דעם פאר־שטאָרבענעם שטעטלשן לעבן.

מיר האבן געהאט פריער אין אונזער ליטעראטור דאס אלט ר ע אַ ל י ס ט י ש שטעטל פון מענדעלע און שלום עליכם, דערנאך איז געקומען שלום אש און געגעבן די ר אָ־מ א נ ט י ק פון שטעטל, שפעטער האט י. מ. ווייסנבערג באַ־וויזן דאס ניי נ א ט ו ר אַ ל י ס ט י ש שטעטל, און דוד בער־געלסאן האט איצט געבראכט די ע ל ע ג י ע פון יידישן שטעטל.

מיר האבן געלעבט די לעצטע יארן מיט אַשס ש י ר־ה ש י ר י ם פון שטעטל און איצט קומט בערגעלסאנס ק ה ל ת.

די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן ביים אוקראַינישן

יידנטום האבן פאַרגיכערט דעם פּראָצעס פון אונטערגאנג. דאס אידילישע, רויקע, שטילע פוז שטעטל איז אומגע־בראכט

דאס אוקראַינישע שטעטל אין יענע פּאטריאַרכאלישע פּאָרמען, אין וועלכע ס'האָט געלעבט לאנגע דורות, איז שוין ווי אפגעשטאָרבן. עס רייסן זיך שוין אהער אריין די „לעפי־שע שאָטנס" פון דער גרויסער טומלדיקער שטאט, וואס „לאַ־רימען און שרעקן" און „וועבן דער אין וועלטס תוהו ובוהו".

איז שוין דארט דעריבער אלץ באגאסן מיט דעם בין־השמשות־שיין, ליגט שוין דעריבער אויף אלעמען דער שקיעה־חן.

חיים־משה קערט זיך אום אין שטעטל, ווו ער איז געבוירן געווארן, און „זיין אויג האט דערזען א שטיקל צעפוילטן, אין דער ערד איינגעגראבענעם סלופּ, אן אויסגע־קרישלטן און שווארץ געווארענעם, מיט אן אויסגעהוילטן לאך אין דער מיט, ווי דאס לאך פון אן אלטן צעפוילטן באַקצאָן. האט ער זיך אנגעבויגן און האט עס באטראכט, — דאס איז געוועזן אלץ, וואס דא אין ראקיטנע איז פון זיין פאטערס הויז געבליבן".

דאס שטעטל איז שוין אַן אויסגעקרישלטס, מיט אַן אויסגעהוילטן לאָך. עס באַווייזט זיך דער פארעקשנטער, סטיללאָזער אינזשענער דעסלער מיט זיין שטענדיק ברוינעם הוט. דעסלער מושטירט זיך און זיין באַדינער יאַן, טרייבט ארויס זיין בוכהאַלטער, ווען ער טרעפט אים זיצנדיק אין ווייסע אַרבל אין זיין קאַנטאָר. „ביי אים אין קאַנטאָר, הייסט עס, איז נישט קיין בית־המדרש, ווו מען שפרייט זיך פאנאַנ־דער אין די ווייסע אַרבל".

און אָט די וואָכעדיקייט לאזט זיך זייער שטארק פילן ביי דעם קנסמאָל פון חוה פויזנער מיט דעסלערן.

„און אַרום און ארום איז געווען וואָך, גרויער וואָכע־דיקער אָוונט נאָכן לאנגן יאָר־יריד. עזריאל פויזנער אין וואָכעדיקן לוסטרינענעם סורדוט, האט נישט פארמאָגט קיין איין איינציק וואָרט, מיט וועלכן ער וואָלט זיך איצט קאָנען

וועגדן צום אינזשענער דעסלער; געזעסן אויוונאָן, ווי מיט געוואַלט, געשפּילעט אויף זיך די קנעפּלעך, און אז עמיצער האט אַ זאָג געטון: מחותן! — האָט זיך געדאַכט, אז דאָס רופט מען נישט אים, נאָר עמיצן אַ צווייטן, אַ סך אַן עלטערן און בכבודיקערן, וואס איז שוין לאַנג געשטאָרבן, לאַנג אוועק און פאַרשווונדן פון דער וועלט". און חוה פויזנער — „זי איז ווי אַ פארגעסענע געזעסן ביי דער זייט פונם טיש אויפן קליינעם קורצן סאָפּקעלע און האָט געהאט אַזאַ גלייכגילטיק אויסזען, גלייך אָט דאס קנסמאָל לעבט זי איבער דאס צענטע מאָל אין משך פון איר לעבן; ס'איז נמאס און זי וויל, ס'זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן".

דערפאר אָבער שטראָמט אַ שטילע ליכטיקע פרייד אין די הערצער פון חנקע ליובאַר, פונם לערער פרעגער אין איינעם אַ שבתדיקן פרימאָרגן. און דער עיקר ליגט אַן איבערגליקלעכע, פאַרבאַהאַלטענע יום-טובדיקייט ביי חיים-משהן. ער לעבט אין זיין אָנגעשטרענגטער אינערלעכער וועלט, און די אויגן זיינע גלאַנצן מיט פייערלעך אזעלכע, „מיט בענקשאפט צו נישט דערשריבענע שורות, וואָס ביי אים אויפן טיש".

די פרייד, דער יום-טוב האט זיך אָפּגעטון פון דעם אויסערלעכן לעבן. אומעטום הערשט וואָכעדיקייט און ניכטערקייט. נאָר אין די הערצער פון אייניקע טרוימער פון שטעטל זינגט ארויס דער עלעגישער טרויער-מאָטיוו. און דער גאנצער „אָפּגאַנג" איז אדורכגעמישט מיט אט דעם פלעקן-געמיש: וואָכעדיקייט און יום-טוב, טויט און לעבן, טרויער און פרייד, רעאַלע פאַקטן מיט אַ מיסטישן אָפּגלאַנץ, און אויף דעם אַלעמען רוט די טיף-לירישע, דיכטערישע נשמה פון דוד בערגעלסאָן.

---

ערגעץ אין בוך דערציילט בערגעלסאָן כלאחר-יד:

„דער שטויב, וואָס יעדע דורכלופנדיקע פור האָט געלאָזט נאָך זיך באַרג-אַראָפּ אין דער לופט, האָט אויסגעזען

אַ גאלדענער, אַן אמאליקער, אייגעלעך און פּנימלעך האבן אין אים געבלאָנדזשעט, ווי אין אַ קרענקלעך זעונג. און נאך זיי האט געבלאָנדזשעט נאך עפּעס — אַ חלום פון די חומש-יאָרן".

אָט אזוי זעט בערגעלסאן דאס שטעטל אין זיין ראָמאַן „אָפּגאַנג", — אַ ראָמאַן, וואָס איז נישט נאָר אַ וויכטיק געשע־עניש אין דעם שאפן פון דוד בערגעלסאָן, נאָר אויך אַ ביז גאָר וויכטיקע דערשיינונג אין אונזער ליטעראַטור.

---

1921

# רעליגיעזע און וועלטלעכע פאָלקס־מעשה

## (פּרצס „פאָלקסטימליכע געשיכטן" און נסתּר „מעשהלעך אין פערזן")

מיר זענען געוויינט צו ריידן וועגן אונזער פאָלקס־שאַפן, ווי וועגן עפּעס־וואָס גאַנצעס, איינהייטלעכעס, וואָס שטאַמט ארויס פון די פאָלקס־קוואַלן און האט איין כאראַקטער, איין אויסזען, איין גרונט־עלעמענט. מיר קאָנען דער עיקר די רעליגיעזע פאָלקס־מעשה, וואס איז געשאַפן און פאַרפּאַסט געוואָרן די לעצטע עטלעכע דורות, ווען מיר זענען פון קאָפּ ביז די פיס, אין אַלע ווינקעלעך פון אונזער לעבן, אין אַלע אונזערע וואָכעדיקע און יום־טובדיקע מעשים געווען רעליגיעז און גאָטספאָרכטיק.

דאס איז די פאָלקס־מעשה, וואס איז אויפגעקומען און געשאַפן צווישן די ווענט פון בית־המדרש, אין די ד' אמות פון תורה וקדושה דורך דעם פרומען און גאָטספאָרכטיקן צדיק אדער גלויביקן מגיד. אויף די מעשיות שוועבט דער גייסט פון די מוסר־ספרים: צדיקים און רשעים, יצר־טוב און יצר־הרע, גן־עדן און גיהינום, די וועלט און יענע וועלט, שכר און עונש, מצות און עברות, אליהו הנביא און דער אשמדאי. פון די מעשיות שטאַמט שטענדיק ארויס דער מוסר־השכל,

דער מיין, וואס דאַרף מעורר זיין צו תשובה און צו מעשים טובים.

דאס יידישע פאָלקס־שאַפן איז אין תּוך טאַקע אַ באַזונדערס און מערקווירדיקס, כּלל ניט ענלעך אויף דעם פאָלקס־שאַפן פון אַנדערע פעלקער.

דאס פאָלקס־שאַפן ביי אומות־העולם ציט זיך דורכויס פון דער פּרימיטיווער פאָלקס־פאַנטאַזיע, וואס האט אָקאָרשט איבערגעלעבט אירע קינדער־יאָרן, און דעריבער איז עס איינפאַך, אוממיטלבאַר, פּרימיטיוו. דאס יידישע פאָלק אָבער האט אַמאָל, אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַדורכגעלעבט שוין אַ רייך־קולטורעל לעבן, מיט געשטעלטע פאָרמען, מיט באַשטימטע עטישע דאָגמען און מאָראַלע באַגריפן און מיט אַן אייגנאַרטיקן קולטור־קינסטלערישן סטיל און נוסח. און ווען דאס פאָלק האט זיך שפּעטער אויפגעכאַפּט פון רעליגיעזן שלאָף, ווען ס'האט אנגעהויבן פון ס'ניי צו שאַפן וועלטלעכע ווערטן, אנגעהויבן ווידער אויפנעמען וועלט און מענטש, גאָט און לעבן, — האט עס שוין געהאט פאר זיך פון אַמאָל גאַנץ פאַרטיקע באַגריפן. און עס האָט זיך אזוי געפּלאָנטערט אינעם יידישן פאָלק, אין זיין לעבן און שאַפן אוממיטלבאַרע איינדרוקן און געשטעלטע דאָגמעס, נאַיווע פאָרשטעלונגען און גייסטרייכער אינהאַלט, פּשוט וועלטלעכע עלעמענטן און יידישער פאַרעלטערטער מוסר־השׂכּל מיט גרייטע אויף יעדער זאַך פּסוקים. אפילו די חיות און עופות האָבן ביי יידן שירה געזינגען מיט פּסוקים. און ווען מיר האָבן איבערגענומען פון דער פרעמד ריטערלעכע לעגענדעס (פון אַראַבישער, דייטשער א. א. ליטעראַטורן) האבן מיר זיי אינגאַנצן פאַרענדערט, פאַריידישט, און די לעגענדעס האָבן באַקומען אַ רעליגיעזיידישלעכן כאַראַקטער און אויסזען. אָנשטאט ריטער, העלדן, ריזן, זענען אין די מעשיות ארויסגעקומען אליהו הנביא, אַ צדיק, אַ למד־וווניק, שרה בת־טובים א. א. וו. און די עיקר־כּוונה איז געוואָרן מוסר: באַווייזן גאָטס־גבורה, דעם שכר פון גוטע מדות און מעשים טובים.

די רעליגיעזע פאָלקס-מעשיות זענען מיט דער צייט פאַרהאַרטעוועט געוואָרן דורך זייערע פאַרפאַסער. זיי זענען אַזוי שוין פון לאַנג אָן צוזאַמענגעשטעלט און פאַרשריבן געוואָרן, נאָך איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו שאַפן פון זיי קונסט און ליטעראַטור-ווערטן. די רעליגיעזע פאָלקס-מעשה איז דעריבער דערגאַנגען צו אונז אַ פאַרפאַסטע און פאַרגאַנצטע, זי גייט שוין נישט איבער מפּה אל פּה, זי אנטוויקלט זיך שוין מער נישט. ווען די מעשה איז אַריין אין בוך, האָט זיך איר לעבן שוין פאַרענדיקט און געוואָרן שוין ליטעראַטור.

אין יסוד פון זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" האָט פּרץ געלייגט די רעליגיעזע געדרוקטע יידישע מעשה, און אָט דער פאַרפאַסטער מעשה האָט ער געגעבן אַ קינסטלערישן תּיקון. פּרץ האָט גענומען די מעשה שבכתב, די היילּיקע און פאַרהייליקטע, מיט איר גאַנצן רעליגיעזן מיטלאַלטערישן שטאָף, ווי זי איז פאַרשריבן געוואָרן דורך דעם תּלמיד-חכם.

פּרץ איז פריער געשטאַנען ווייט פון פאָלקס-שאַפן. ערשט שפּעטער איז ער צו אים געקומען. ער איז געווען פריער דער משׂכּיל, דערנאָך — חוזר-בתשובה. אָנגעהויבן צו זוכן שיינקייט אין יידישן עבר, אין חסידות און לסוף — אין די פאָלקסטימלעכע געשיכטן. פּרץ איז נישט דער מיסטיקער. ער איז נישט געקומען צו חסידות, צו פאָלקסטימלעכקייט פון נעבל און עקסטאַז, פּרץ איז ניט פאַרפירט געווען דורך אַ ווייטן וווּנדער-שיין. דעם פּנים ט'ער ניט פאַרשטעלט פון דער אויפגעפלאַקערטער שיין און דעם באַוווּסטזיין ט'ער ניט פאַרלאָרן. קלאָר און רייף איז זיין בליק. פּרץ איז געקומען צו די פאָלקסטימלעכע געשיכטן דורך דעם באַוווּסטזיין, געקומען אַן אנטציקטער פון דער הערלעכער שיינקייט, געקומען ווי אַ מייסטער, און מיט מייסטערשאַפט פאַרפיינערט, געצירט, געשליפט, פאַרגאַנצט די פאָלקס-מעשה און צוגעגעבן איר שאַרפקייט און שטייפקייט. און די מעשה איז פאַרבליבן לעבן

אין אירע אייגנטלעכע הויפט-עלעמענטן: מיטלאַלטערישער אינ-האַלט און דידאַקטישע טענדענצן. פרץ איז געווען געבונדן צום מקור, צום פּאַרטיקן שטאָף און אפטמאָל איז שווער אָנ-צווייזן אין פּרצס מעשה, ווו עס ענדיקט זיך דאס פאלקס-שאַפן און ווו עס הויבט זיך אָן פּרץ. אפטמאל פארשלעפּערט ער זיין אינערלעכן ברען, רוקט אָפּ דאס מאָדערנע אין זיך און ציט זיך מיט בענקשאפט צו די טיפענישן פון פאָלקס-שאַפן. ער רוקט אָב אָן א זייט זיין וועלט און ווען און לעבט מיט דער מעשה אין איר לעבן און ציט ווייטער די פע-דים, וואָס זענען פארוועבט אין דעם רעליגיעזן פאָלקס-געוועב.

אָפטמאל גיט צו פּרץ א וואָרט, און מיר דערקענען גלייך דעם מאָדערנעם פּרץ, וואס איז ווייט פון דער געשילדערטער וועלט, און מיר פילן, אז די מעשה פאר אים איז ניט מער ווי שטאָף, שאַפונג-שטאָף, אבער ניט קיין אינטים-אייגענע וועלט. ער איז דורכויס באַוווּסטזיניק און צופיל וואַכעדיק, און ניט אין דעם סוד פון דער מעשה, ניט אין איר פ אַ ר ב אָ ר ג ע נ ע ם שלייער לעבט זיין פאַנטאזיע, נאר אין דעם א ו י ס ע ר ל ע כ ן בליק, אין די קינסטלערישע פארבן און געדאנקלעכן אויפטו. דאס פארכאפּט פּרצן און רופט ארויס שיין שעפערישע עמאָציע.

און אזוי איז אויסגעקומען, אז דער מאָדערנער פּרץ האט זיך גענומען צוצופאסן צום כאראקטער און מהות פון דער פאַרצייטיקער מעשה. עס איז פארבליבן לעבן די חסידי-שע התלהבות, די פרומע קדושה, און די מעשיות זענען פארוועבט מיט דברי-תורה, פּסוקים און מימרות. פּרץ איז געווארן משועבד צו דעם רעליגיעזן אינהאלט. אין דעם זעלבן וועג פון אויפפאַסן די רעליגיעזע מעשה-שבכתב ווי זי איז זענען אויך געגאנגען די אנדערע שרייבער, וואס האבן זיך אָפּגעגעבן מיט פאלקס-מעשיות: מ. י. בערדיטשעווסקי, יהודה שטיינבערג, ש. אנ—סקי א. א.

אבער אויסער דער תלמיד-חכמישער, רעליגיעזער, בית-המדרש און ספרים-מעשה האט זיך ביים יידישן פאלק גע-וועבט אן אנדער מין מעשה. אפגעריסן פון בית-המדרש,

אפשר ווי אן אינעווייניקסטער פּראָטעסט קעגן דעם בית־המדרש, איז יענע מעשה געשאַפן געוואָרן אין דער היים, דורך דער יידישער פרוי ביים קינדס וויגעלע, דורך דעם קינד אין זיינע יונגע פרייע יאָרן. דער פּאָטער איז געווען פאַרטון אין זיינע הימלשע ענינים, געלעבט אין אַ העכערער וועלט און אינגאַנצן מבטל געווען און ניט אָנערקענט דער פּרויס וועלט, דעם קינדס טרוים. און די פרוי מיטן קינד האָבן זיך אין דער שטיל געשאַפן זייער וועלט, געוועבט זייער מעשהלע.

די רעליגיעזע ספורי־מעשיות זענען פאַרדעקט און פאַרהילט דורך די אַמאָליקע פרומע פאַרפאַסער אין אַ הייליקן שלייער. אין דער רעליגיעזער מעשה איז דער עיקר־עלעמענט אַ באַלערנדיקער, דער אינהאַלט איז העכער פון דער ערד. די מעשה אָבער, וואָס איז געשאַפן דורך דער פרוי און קינד, האָט מער צו טון מיט די נאָנטער, אַרומיקער סביבה און גאַנץ אָפט מיט חיות און בעלי־חיים, וואָס לעבן אין שטוב און נאָענט אין וואַלד. אויף די רעליגיעזע מעשיות ליגט ערנסקייט, קנייטשן, יראה, אויף די וועלטלעכע — גוטמוטיקייט, קלות־ראש, קינדערשע תמימות. די רעליגיעזע מעשה איז דורך און דורך יידישלעך, די וועלטלעכע מעשה פאַרמאָגט מער קאָסמישע עלעמענטן, זי איז מער באַאיינפלוסט פון דער רוסישער, פּוילישער און אוקראַאינער פאָלקס־מעשה, וואָס איז אַריינגעבראַכט אין דער יידישער שטוב דורך דער קריסטלעכער ניאַניע. פּרץ אין זיינע זכרונות גיט גלענצענד איבער, ווי ער האָט איינצייטיק אַריינגעזויגן אין זיך די חסידישע מעשיות פון די גרייז־גרויע חסידים אין בית־המדרש און די וועלטלעכע לעגענדעס פון דער אַלטער ניאַניע, וואָס איז געווען ביים זיין יונגען ברודערל. און אַזוי פאַרשיידן האָבן אויף אים געווירקט אָט די צוויי פאַרשיידענע מעשיות־וועלטן, די יידישע און ניט־יידישע.

אין דער צייט, וואָס די רעליגיעזע מעשה, אַלס פּראָדוקט פון תלמיד־חכמישן שאַפן, איז איבערפולט מיט פּסוקים, מיט לשון־קודשדיקע ווערטער און באַגריפן, פאַרמאָגט

די וועלטלעכע מעשה, וואס איז געשאפן דורך דער פרוי און קינד, באזונדערע צערטלעכקייט און ווייכקייט, תמימות און אָפנהארציקייט, און די שפראך איז אויך אזא הארציקע און ווייכע, האט אין זיך פיל וויבלעכקייט און קינדישקייט, איז א שפיל פון ווערטער און קלאנגען, איז ריטמיש און פול מיט פארקלענערונגען.

און אזוי ווי גלאט מעשיות אָן אַ מוסר-אינהאלט האט מען בשעתּם ווייניק געדרוקט, זענען זיי דורך די אמאָליקע פארפאסער נישט פארהארטעוועט געווארן אין טויטע אותיות, זיי האבן נישט אויפגעהערט צו לעבן, זיי זענען איבער-געגעבן געווארן פון מויל צו מויל, געבליבן א מעשה שבעל-פה, און אזוי געביטן און געביטן זיך, און יעדעס אָרט און יעדע געגנט האט ארויפגעלייגט זיין אייגנארטיקן שטעמפל אויף זיי, און זיי גייען דערום ארום צווישן פאלק פארשיידנארטיקע, מיט פארשיידענע ניואַנסן און נסחאות. און אט די ניואַנסן און נסחאות האבן פיל פיל וואס צו דערציילן וועגן דער ארומיקער נאטור, וועגן ארומיקן לעבנס-שטייגער, וועגן דעם כאראקטער און בוי פון קינדישער פאנ-טאזיע אין דער אדער יענער געגנט...

נסתרס „מעשהלעך אין פערזן" געהערן אינגאנצן צום יידישן וועלטלעכן פאלקס-עפּאָס. נסתר איז אפשר דער ערשטער, וואס האט אונז געבראכט א גרוס פון דער וועלטלעכער פאלקס-מעשה. ער פירט אונז אריין אין א נייער וועלט, וואס האט גאר-ניט צו טון מיט די קאנאָניזירטע מעשה-מאטיוון פון דעם רע-ליגיעזן עפּאָס. זיינע מעשהלעך ציען זייער יניקה פון דער קינ-דערשער פאנטאזיע. שוין די נעמען פון די מעשהלעך אליין באַ-ווייזן עס: א מעשה מיט א בער, א חורבה, דאס קעצל, ווינ-טער, דאס ציגעלע, דאס הינטל, א מעשה מיט א האז, שרע-טעלעך, מיזעלע-מייזעלע, דער שניי-באָק, ביים טייך-פרת, א מעשה מיט א האָן. נישטא דא קיין רעליגיעזע מאטיוון, קיין רעליגיעזער פאטאָס, נישט קיין רב, נישט קיין צדיק, נישט קיין נסים און נפלאות. די העלדן זענען דא גאר נאענטע

חברים און פריינט, אלטע, גוטע באקאנטע, זענען פון דערווירקלעכקייט און לעבן אויך אין קינדס פאנטאַזיע.

די פאַנטאַזיע, די ספור-המעשה וועבט זיך ניט פון די ספרי-משלים, נאר פון דער קאלעקטיווער ווייבעריש-קינדע-רישער שאפונג.

„האָזל, האָזל, גיי ארויס,
כ'וויל זיך מיט דיר טיילן,
וואס די קינדער וועגן דיר
טוען זיך דערציילן". (א מעשה מיט א האז)

אדער:

„כ'האב אליין געזען אַ קעצל
אין א וועג, ווי ס'איז געגאנגען,
און א בינטל עפעס זאכן
דעם אויף העלזל איז געהאנגען". (דאס קעצל)

די מעשיות זענען לעבעדיקע, צאפלדיקע, מיר פילן דעם לעבעדיקן אָטעם, וואס הויכט אויף זיי דעם איינגן צובונד מיט זייערע שעפער די קינדער:

„פרעגן קינדער, ווילן וויסן.
און דער גוי, ווו ז'היגעקומען?" (א מעשה מיט א בער)

און דעריבער האבן די מעשהלעך די אלע אייגנשאפטן פון קינדער-שאפונג: קורץ, פריש-צאַפלדיק, געטאָקט, נאַיווע און אויסטערלישע האנדלונג, ליבע און נאָענטקייט צו בעלי-חיים א. א. וו.

נסתר איז א קינד פונם הארציקן, גוטמוטיקן וואָלין. געבוירן און געוואקסן אויף דער זאפטיקער און פרוכטבארער ערד פון וואלינישער פאלקסטימלעכער חסידות, וואס האט פארמאגט הארציקע, צנועדיקע פשטות און תמימותדיקע, עפי-שע רויקייט, האט דער נסתר איינגעזאפט אין זיך די האר-ציק-ווייכע נשמה פון פרימיטיוון פאלקס-עפאס, וואס האט זיך געצויגן נישט פון ספר, נאר פון נאטור, פון פעלד און וואלד צום קינדס נשמה און פאנטאזיע, פארריידישט און איבערגעדיכטעט אין אַ יידישן סטיל און קאָלאריט.

די מאטיוון פון די מעשהלעך זענען דורכויס יידיש, הן לויט זייער פארם און סטיל, און הן לויט זייער אינהאלט, הגם זיי פעלט אינגאנצן דער אויסערער יידישלעכער לבוש מיט דעם ספעציעל יידישלעכן אינהאלט.

א באזונדערע זויבערע ריינקייט און שטילע צנועהדיקייט ליגט אויסגעגאסן אויף די בעלי-חיים, וואס ווערן געבראכט אין די מעשהלעך. עס זענען יידישע חיות, יידישע ביז גאר. דער האן, דאס ציגעלע, דאס העזל — זיי אלע זענען עכט-יידישע. זיי זענען אזוי נישט ענלעך צו די חיות פון אנדערע פעלקער. עס איז אַ יידישער חיות-עפּאס. די חיות זענען דא פרומע, פול מיט אחריות, זיי האבן וויכטיקע שליחותן אויסצופילן, חיות מיט מדות, אויסגעווייקטע, פאר-טרויערטע און פארטון אין מחשבות. אין דעם חיות-עפּאָס פון אנדערע פעלקער זענען די חיות קלוגענקע, כיטרע, צוויי-פנימדיקע, מיט הינטער-געדאנקען, האלטן אין איין שלאגן און באקעמפן איינער דעם צווייטן.

און אט איז אַ יידישע ציגעלע:

„האט גענומען היטן זיך
פאר אויגן און פאר לייט
און אַרומצוקוקן זיך
מיט קערפערל און זייט". (דאס ציגעלע)

די מעשהלעך זענען געבוירן און אויסגעהאָדעוועט גע-ווארן אין דער יידישער פאַנטאזיע און ארומגעוועבט מיט יידישן דיכטערישן סטיל און קלאריט, און די שפּראַך איז פול מיט זיבעטן יידישן חן, קינדיש-פּרימיטיו און עכט פאלקס-טימלעך.

נסתּר מעשהלעך קומען צו אונז פון דעם וועלטלעכן פאלקס-קוואל, וואס איז ביז איצט אונז ווייניק באקאַנט געווען.

די „מעשהלעך און פערזן" וועלן אָן ספק באַפּרוכפּערן דאס פעלד פון וועלטלעכן פאלקס-עפּאס און וועלן זיין אַ מוסטער פאר וויטערדיקע שאפונגען אין דער זעלבער ריכטונג, הן פון קונסט-ווארט און הן פון קונסט-מאלעריי

---

1919.

# געשיכטלעכער שטאף אין אונזער איצטיקער ליטעראטור

אויף פארשיידענע אופנים ווערט געשיכטלעכער שטאף אויסגענוצט דורך קינסטלער אין זייערע ליטעראריש-קינסטלערישע ווערק.

פאַראן געשיכטלעכע ווערק, — ראמאנען, דערציילונגען אדער דראמען — וועלכע שפיגלען אפ פינקטלעך און אמתדיק די געשילדערטע פארגאנגענע תקופה. די מחברים שטייען פאר דער געגעבענער תקופה ווי פאר א גרויסן בארג, זיי זענען קליין און נישטיק קעגן דער געוואַלטיקער מאסע פון לעבן און פאקטן, וואס איז אנגעשאָטן פאר זיי, און אָט די מחברים זענען משועבד צו דער געשיכטע, צו דעם געשיכטלעכן שטאף: זיי זאמלען צונויף גאנצע הויפנס היסטארישע פאקטן, קלויבן צונויף אָן אַ שיעור פרטים און קלייניקייטן פון דער געגעבענער עפאכע, און אויפן סמך פון דער עצם-פארגאנגענער ווירקלעכקייט שטעלן זיי צונויף א צווייט לעבן, וואס זאל געבן א געטרייעם אָפּבילד פון אמאליקן לעבן. אין די ווערק איז דער שרייבער מער זאמלער, ווי קינסטלער, מער עטנאָ., אף, ווי דיכטער. אזעלכע ווערק זענען אפטמאל ווי אַרכעאָלאגישע אויסגראָבונגען, וואס בריינגען ארויס אויף דער איצטיקער ליכטיקער שיין פארבארגענע און פאַרגרתבענע שטיקער-ווירקלעכקייט פון אמאל

פאַראַן ווידער ווערק, וואס שטעלן זיך אַלס ציל באַ-שטימטע כּוונות און פּראָבלעמען, און אט די כּוונות און פּראָב-לעמען ווילן זי פאַרקערפּערן דורך געשיכטלעכע אנגעזעענע, אינדיווידועל-אַנטוויקלטע פּערזאָנען און פּערזענלעכקייטן. דעם אויטאָר פון די ווערק אינטערעסירט ווייניק די עצם-תּקופה, די רעאַלע געשיכטלעכע סביבה, אין וועלכער די פּאַסירונגען זע-נען פאָרלאָפן און דער העלד האָט געלעבט און געווירקט. נישט דער אמאָליקער אַלגעמייגער פּאָן ציט אים, דעם קינסט-לער, צו, נאָר באַשטימטע אידייען און פּראָבלעמען, וואָס פאַרנעמען דעם קינסטלער גופא, און אָט די אידעען און פּראָבלעמען זוכט ער אויסצודריקן דורך די געשיכטלעכע געשעענישן און העלדן.

אין דער אַלגעמיינער ליטעראַטור זענען פאַראַן זייער פיל געשיכטלעכע ווערק פון אָט דיביידע אויסגערעכנטע מינים.

די יידישע שיינע ליטעראַטור האָט ביזהער ווייניק אויפמערקזאַמקייט אַרויסגעוויזן נישט נאָר צו דער אַלגעמיינער געשיכטע, נאָר אויך צו אונזער אייגענער פאַרגאַנגענהייט, סיי דער נאָענטער, סיי דער ווייטער. די יידישע ליטעראַטור האָט ווייניק-וואָס געפּרוווט אויסצונוצן דעם רייכן פילפאַר-ביקן שטאָף, וואָס אונזער אייגענע פאַרגאַנגענהייט פאַרמאָגט. די דייטשע און ענגלישע שרייבער האָבן זייער פיל גענאָסן פון דעם וווּנדערלעכן ביבלישן שטאָף און פון די פאַרשיידע-נע העראָישע מאָמענטן פון דער יידישער רייכער געשיכטע. קין, שמשון, יהודית, יעזוס, יהודה איש-קריות, ר׳ יהודה הלוי, אוריאל אקאָסטאַ, שפּינאָזאַ, שבתי צבי, מהר״ל מפּראָג זענען אויף פאַרשיידענע אופנים באַהאַנדלט געוואָרן דורך וועלט-קינסטלער פון וואָרט און פּענזל. אין דער זעלבער צייט האָבן יידישע קינסטלער אַרויסגעוויזן גאָר ווייניק אינטערעס צו דעם זעלבן געשיכטלעכן מאַטעריאַל.

און ס׳איז קיין וואונדער נישט:

אונזער יידישע ליטעראַטור איז געווען שטאַרק פאַר-זינקען אין דער טאָג-טעגלעכער גרויערווירקלעכקייט, ג׳האָט

פאר זיך נאר דעם איינגען, ארעמען שטח פון דער געגעבענער רעאלער סביבה. איז דען מעגלעך געווען ביי אונזערע אמאָליקע קינסטלער אַ ווילן צו דערהויבן זיך פון דעם ארומיקן לעבן, פון די טרויעריקע בילדער פון ארום? געשאפן דאס רוב דורך ארעמסטע פאלקס־שיכטן און דער עיקר צוליב די ארעמסטע פאלקס־שיכטן, האט די ליטעראטור געמוזט ביז א צייט טראגן אויף זיך זייער פארם און געשטאלט. די קבצנישע טארבע איז שטענדיק געהאנגען אויף אירע פלייצעס, און די ביטערע מינע איז נישט אראפ פון איר אויסגעדארט פנים. מען האט אָן אויפהער געטראגן אויף זיך דעם ביטערן יאָך פון דעם טאג, און אלץ האט מען גערעדט וועגן די, וואס דרייען זיך ארום הארט אויף דער מאָגערער ערד.

אין דער העברעישער ליטעראטור זענען געווען אויס־נאמען: א אברהם מאפו, וואס האט געלעבט ווי אויסערן לעבן און אין פארלויף פון א 20 יאר האט ער אויסגעטרוימט זיין „אהבת־ציון", א תנ"ך מעשה אויף דער תנ"ך שפראך

אונזער יידישער ליטעראטור האט זיך לכתחילה ניט פארגינען אזא לוקסוס. ווער האט געהאט גאר די העזה אויף דעם „זשארגאן" זיך איבערצוטראגן אין פארגאנגענע דורות, ווען די שפראך האט אפילו אויסגעזען ארעם, שוואך און נישטיק צו שילדערן עפעס־וואס העכערס און שענערס פון דעם היינטיקן לעבן?

אנגעהויבן פון שלמה עטינגער, א. מ. דיק, י. אקסענפעלד שאצקעס, י. דינעזאן, מ. ספעקטאר און איבערגייענדיק צו מענדעלע און אין געוויסן זינען — אויך ביי פרץ, שלום־עליכם און דערנאך ביי פיל יינגע און יינגסטע, — ביי די אלע יידישע שרייבער — אויסער גאר קלייגע און נישט־וויכ־טיקע אויסנאמען — האבן מיר קאנקרעטע גרויע בילדער און בילדלעך וועגן מענטשן פון דער ארומיקער וועלט, פול מיט דאגות־פרנסה און טרויעריקן שווערן לעבן. ווי א ליטעראטור פון א שטרענג־רעאליסטישן און אפילו נעטוראליסטיש־עטנאָ־גראפישן שניט, האט די יידישע ליטעראטור געשטאמט פון

עצם-ווירקלעכן לעבן און אמתדיק אפגעשפיגלט דאס, וואס אויג און אויער האבן געזען און געהערט, און געלעבט נאר מיט חיי-שעה, און קיין בליק כמעט נישט געווארפן נישט אויף צוריק און נישט אויף ווייטער.

דער ערשטער ביי אונז, וואס האט איבערגעריסן מיט דער ארעמער טאג-טעגלעכקייט אין זיין שאפן און זיך גע-לאזט זוכן קינסטלערישן שטאף פאר זיינע ווערק אין דער רייכער פארגאנגענהייט, איז געווען י. ל. פרץ. אים איז איינג געווען אין די מחיצות פון דעם שטיקענדיקן רעאלן לעבן און ער האט אָן אויפהער געגראבן און פארטיפט זיך אין די רייכע און זאפטיקע פאלקס-אוצרות, וואס זענען גע-שאפן געווארן אין די פאַריקע תקופות. זיינע „פאלקסטימלע-כע געשיכטן" און חסידישע מעשיות האט פרץ געשאפן א דאנק זיין אינערלעכן דראנג און ראמאנטישן ברען, וועלכער האט אים אויפגעהויבן איבער דער ארומיקער ווירקלעכקייט. אים האט געצויגן די ווונדער-וועלט, די וועלט פון נסים, פון מופתים. „ביי אונז אין שטעטל — קלאגט זיך עמעץ ביי פרצן אין א מעשה — איז כמעט קיינער נישט רעכט געשטארבן, ווייל עס האט קיינער ניט רעכט געלעבט! נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע, קיין רשעים, קיין צדיקים". פרץ זוכט דאס איבער-מענטשלעכע, דאס אויסטערלישע: מסירת-נפש, קידוש-השם, אויב נישט נאר העכער. פרצן אבער האט באגייסטערט די פ א נ ט א ס ט י ק אין דער מעשה. די מעשיות און לעגענ-דעס, וואס פרץ האט זיי ווי פון ס'ניי אויפגעלעבט אין זיין דיכטערישער נשמה, זענען אינגאנצן געווען אפגעטיילט פון דער רעאלער געשיכטלעכער סביבה. פרצן איז ניט געווען אין זינען אויפצובררענגען דאס פארצייטיק לעבן, דעם פאר-צייטיקן שטייגער. אדרבא, ביי פרצן אין די מעשיות געפינען מיר אויף יעדן שריט און טריט אנאכראָניזמען, א געמיש פון א מ א ל און א י צ ט. מער שילדערט ער נ ש מ ה, ווי ג ו ף, מער נ י ג ו ן, ווי רעאלן ש ט א ף. די מעשה ביי פרצן איז אפגעריסן פון דעם ח ו מ ר, האט אלע ל ב ו ש י ם

פון זיך אראפגעווארפן. ביי אים רוט די מעשה שוין אין א העכערן רוחניותדיקן לעבן, באצירט און געצערטלט מיט טרוי־מעריש־פאנטאסטישע שטריכן. די רעאלע כוחות זענען אַב־סטראגירט, געבליבן זענען די רוחניותדיקע, נשמה־יתרהדיקע מאטיוון און געדאנקען.

„די געשיכטע — זאגט פרץ ביי אַן אנדער געלעגענהייט אין זיינע זכרונות — דארף קיין ליגן נישט זאגן, אבער נישט אלץ פארציילן. ווייל אלץ איז דער גרעסטער ליגן. ווייל נישט אלץ איז דער מענטש. פאָטרעטירט דארף ווערן נור דאס כאראקטעריסטישע, דאס עכטע, נישט דאס צופע־ליקע, וואס געהער גאר נישט צום מענטש". פון די יונגערע שרייבער האט שלום אש זיך גענומען אויסצונוצן געשיכטלעכן שטאף פאר זיינע ווערק און לכתחילה — דער עיקר פאר זיי־נע דראמען: יפתח טאכטער, אמנון און תמר, שבתאי צבי. אט די דראמען זענען גיכער דיכטערישע פאעמעס אויף גע־שיכטלעכע טעמעס. אין זיי זענען דער עיקר אויפגעבראכט געווארן אייניקע דראמאטישע מאמענטן און עס זענען אויסגענוצט געמען, פארהעלטנישן, סיטואציעס צוליב די געדאנקען און אידעען, וואס דער הייניטיקער אויטאר האט געוואלט דורך זיי ארויסזאגן און אדורכפירן. די ווערק אבער האבן ניט בדעה אויפצולעבן די געשיכטע, ארויפצו־ברענגען פאר אוינזערע אויגן די אמאליקע וועלט. די ווערק זענען ביים אויטאר געווען מער א זאך פאר זיך, און די געשיכטלעכע פיגורן זענען נאר סכעמעס, נאר אָנדייטונגען.

די לעצטע פאר יאר זענען דערשינען אין יידיש עט־לעכע באדייטנדיקע קינסטלערישע ווערק, ווו עס ווערט אריינגעבראכט דער יידישער העראָישער געשיכטלעכער שטאף.

און עס איז געוויס קיין צופאל נישט, וואס די מערק־ווירדיקסטע און אינטערעסאנטסטע ווערק, וואס זענען געשאפן געווארן ביי אונז די לעצטע יאָרן, האבן געצויגן זייער יניקה און חיות פון דער פארגאנגענהייט.

אויף דעם שווארץ־רויטן פאן פון דער שוידערלעכער

וועלט-מלחמה, פון בלוטיקן בירגער-קריג, פון רעוואלוציעס, ווילדע שחיטות און פאגראמען איז נישטיק דער יחיד מיט זיין יחידישן לעבנס-שטייגער, מיט זיינע ווילנס און פאר-לאנגען, האפענונגען און פארצווייפלונגען. דעם קינסטלערס הארץ גאַרט נאך גרויסע מאַסן-צוזאמענשטויסונגען, זיין בליק בענקט נאך ברייטע שטחים. די איצטיקע געשעענישן, אין וועלכע ס'זענען געווען אריינגעצויגן טויזנטער און מיליאנען, דעם אויפברויז און אויסברוך פון דער לעצטער צייט קאן אבער דער איצטיקער קינסטלער גלייך נישט אויפנעמען און ארומנעמען; פון דעם גאנצן ווידערשפרעכנדיקן און סתירות-פולן מאַטעריאל פון אויפשטייגן און אָפּפאַלן, פון ליכט און שאָטנס, מלאך און טייוול, וועלכע ראנגלען זיך אָן אויפ-הער, — דאס אלץ קאן ער נאך נישט פארקערפערן אין ביל-דער, געשטאלטן, — און זיין דיכטערישע אויפמערקזאמקייט ווערט דעריבער צוגעצויגען צו דער בונטער פארגאנגענהייט, אין וועלכער ס'האבן זיך אפגעשפילט ענלעכע אדער כמעט ענלעכע געשעענישן. זיין אויפמערקזאמקייט ציט זיך צו די פארגאנגענע תקופות, אין וועלכע ס'זענען פארגעקומען גרויסע קאמפן און צוזאמענשטויסונגען, וועלכע האבן זיך אבער שוין אינגאנצן איינגעשטילט און אויסגעפורמט געווארן.

דער איצטיקער קינסטלער ברענט אינם פייער פון דער פארגאנגענהייט, זיין שאַפונג-גייסט איז צעגליט און פאר-שטייפט ביי אָט דעם איצטיקן פלאַקער.

און מיר זעען, אז אויך אין דער רוסישער ליטעראטור זעען לעצטנס דערשינען צוויי באדייטנדיקע ווערק פון יונגע טאלאנטפולע דיכטער, ווו דער שטאף איז גענומען פון דער רוסישער פארגאנגענהייט. דעם איצטיקן אויפברויז-מאטעריאל און די מאסנהאפטיקע בונטארישע געפילן האבן די דיכטער געזוכט צו פארקערפערן אין געשיכטלעכע העלדן און אין זייער דעמאלטיקער סביבה. דער באוווסטער יונגער רוסישער דיכטער ס ע ר ג י י י ע ס ע נ י ן האט אנגעשריבן א דראמאטישע פאעמע „פּוּגאַטשעוו“, און א צווייטער באוווסטער רוסישער

דיכטער וואסילי קאמענסקי — זיין דראמע-פיעסע „סטיענ-קא ראזין". און אין דיביידע ווערק איז דער עיקר די מאסן-עמאציעס און די אויפשטאנד-מאמענטן, וועלכע זע-נען זיי באקאנט פון דעם איצטיקן לעבן, פון דער איצטיקער רעוואלוציע, — און אָט דאס אלץ געבן זיי אריין אין די פאר-גאַנגענהייטס-טיפן.

און אָט איז אַ רשימה פון נייע ווערק מיט געשיכטלעכן מאַטעריאל: שלום אַש — „קידוש-השם" „כישופמאַכערין פון קאַסטיליען" און „מאַראַנען", י. אָפּאַטאָשו — „אין פוילישע וועלדער", ה. לייוויק — „דער גולם", פרץ הירש-ביין — „אין שאָטן פון דורות", ב. שטיימאַן — „משיח בן יוסף", „ביים טויער", „דאס רויטע קינד".

אין די אַלע ווערק איז אריינגעבראַכט הערא̈ישער גע-שיכטלעכער שטאָף, און דער צוגאנג צו דעם היסטאָרישן מא-טעריאַל איז נישט ווי צו אויסגעבערעגנטן פאַרקילטן אַש. נישט קיין באַלזאמירטע מומיעס-פיגורן ברענגען איצט אויף די קינסטלער, און די, וואס גריבלען זיך אין געשיכטע און אין מאַטעריאַלן פון געשיכטע, האבן שוין און וועלן נאָך געפינען נישט ווייניק היסטאָרישע אומפינקטלעכקייטן און היסטאָרישע נישט-אויסגעהאַלטנקייטן. אין פיל פּרטים לעבט די איצטיקע תקופה פיל מער אין די דאָזיקע ווערק, ווי די תקופות, וואס ווערן אויפגעבראַכט אין זיי. און ווען די זעלבע קינסטלער וואָלטן די זעלבע טעמעס צוריק מיט עטלעכע יאָר, פאר די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן, געווען גענומען פאר זייערע שאַפונגען, וואָלטן די ווערק גאָר אַן אנדער אויסזען און כאַ-ראַקטער געהאַט.

אין זיין הקדמה צו די צוויי געשיכטלעכע ראָמאַנען „כישופמאַכערין פון קאַסטיליען" און „קידוש-השם" שרייבט שלום אַש: „צוויי עלעמענטן אין דער יידישער געשיכטע האבן מיך פון תמיד אָן פאַראינטערעסירט: דער קידוש השם און די מעסיאַנישע שטרעבונגען, וואָס פלעגן נאָכפאלגן נאָך יעדן קידוש-השם. די צוויי עלעמענטן פון דער יידישער גע-

שיכטע האבן לענגס געריצט מיין שרייבערישן חשק. לעצטנס הייב איך אָן צו פּרובירן צו פאַרווירקלעכן מיין שריפטשטעלערישן חלום". אָבער גראד די לעצטע יאָרן מיט זייערע אויסטערלישע געשעענישן האבן מעגלעך געמאכט דאס שאפן פון אָט די געשיכטלעכע ראמאַנען. ווייל „קידוש-השם" גיט אונז אַ בילד נישט נאָר פון דעם יידישן מאַרטירער-לעבן פון די אמאליקע טרויעריקע צייטן פון גזרת ת"ח, נאָר עס איז אפשר מער אן אָפּשפּיגלונג פון דער איצטיקער טראַגישער אוקראַינע. און דעם אויטאָר האָבן געוויס מער געשפּייזט די א י צ ט י ק ע לעבעדיקע בילדער פון די שחיטות און פּאָגראָמען, ווי די אַמאָליקע געשעענישן פון צוריק מיט 270 יאָר.

און ווען דורות-איינגעזעסענע ישובים זענען אומגעקומען, און ווען גאנצע געגענטן זענען מיטן וואָרצל אויסגעריסן געוואָרן און זיך געלאָזט וואַנדערן אויף הפקר, האט עס געגעבן שטאָף אַשן פאר די „מאַראַנען" און פּ. הירשביינען פאר זיין „אין שאָטן פון דורות".

צוריק מיט אַ יאָר 8—10 האָבן י. אָפּאַטאָשון אינטערעסירט און פארנומען פאַרשיידנסטע טעמעס פונם שטייגער-לעבן פון געזונטע יונגען, פונם הייס-בלוט פון פשוטע-נפשות, און אויך אין דער געשיכטלעכער קייט האט אים דאן צוגעצויגן דאס לעצטע רינגל, שרהקע, וואס בלייבט „אליין", — די ענדע פון דעם ברייטן, פילפאַרביקן אויסגוס. אָבער אין די לעצטע יאָרן פון מאַסן-קאָנפליקטן, פון פעלקער-קאַמף האט אים געצויגן צו דער רוישיקער צייט, צו דער צייט, ווען די געשעענישן האָבן זיך צעשטראָמט און ברייט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן, צו די אויפשטאַנד-יאָרן פון 1863, ווען דאס לעבן איז ארויס פון די ענגע צימערן און אריבער אין גאַס און פאַרכאַפּט גרויסע מאַסן-שטראָמען.

און וויפיל אומרו, דראַנג און אויסלייזונג-מאָטיוון האט ה. לייוויק אריינגעהויכט אין זיין „גולם", און וויפיל צייטגייסט שוועבט אין די פּרעכטיקע בילדער פון זיין פּאָעמע?

און שרייט דען ניט ארויס דער ווייטאג פון דעם הייניטיקן מענטש, זיין צאַפּל נאך מאַכט און זיין אָנמאַכט און פאַר־צווייפלונג אין די אלע ווערטער פון מהר״ל מפראָג, פון גולם, יונגען בעטלער, משוגענער תנחום, א. א. וו.?

און די „דראַמען״ פון ב. שטיימאַן — דער שייטערהויפן פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, וואָס איז דאָרט אויפגע־פלאַקערט און דארט אומגעקומען?

דער געשיכטלעכער שטאָף האט אריינגעהויכט אַ פרישן אָטעם אין אונזער ליטעראַטור. מיט דער באהעפטונג פון דער געשיכטע מיט דער ליטעראַטור זענען ביידע, הן די ליטע־ראטור און הן די געשיכטע, שטארק אויפגעריכט געוואָרן

1922

# אינהאלט און פארם

## (א פאר ווערטער

מיר זענען שטארק להוט אויף מאָדעס.

מיר יאָגן זיך נאך דער לעצטע מאָדע, ווו זי זאל ניט אויפקומען און ווו זי זאל נישט געשאַפן ווערן.

אין געוויסע ליטעראַריש־קינסטלערישע קרייזן אין רוס־לאַנד און אין דייטשלאַנד האט מען זיך גענומען צו אַבּ־סטראַקטער, טעכניש־געבויטער קונסט און צו סתם־אַרכיטעקטאָ־נישע ליניען, מען איז מבטל סטיל, קאָלאָריט, טראדיציע און מען פרעדיקט הוילע ליניען, פארשיידענע געאָמעטרישע פאָר־מען א. א. וו.

אָט די מאָדע האט גענומען אין געפּענקעניש פול פון אונ־זערע גאט־געבענשטע מאָלער און קינסטלער און זי הויבט אָן צו פארשפרייטן אירע נעצן אויך אויף אונזער יונגער דיכ־טונג.

עס לאזן זיך שוין הערן אין אונזער ליטעראַטור און קונסט רופן און אויסרופן פאר נאַקעטקייט, פאר בלויזער פאָרם, פאר סתם־סכעמע. מען וויל זיך צופאסן צו דער שפּאָגל־נייער טעאָריע פון קאָנסטרוקטיוון מעטאָד, פון ריינער ארכיטעקטור אין ליטעראַטור און קונסט. און עס ליערט די סכנה, אז אין יאָגעניש נאך די פארשיידענע סכע־

מאַטישע פאָרמען און קאָנסטרוקציעס זאָלן מיר אָנווערן אונזער אייגנטלעכן פּרצוף, אונזער אינערלעך וועזן.

עס איז אַן אַלטער אמת: די פאָרם מוז וואַקסן און אויסוואַקסן צוזאמען מיטן אינהאַלט און פונם אינהאַלט. די פאָרם איז דער אויסערלעכער פּועל-יוצא פונם אינעווייניקסטן אָנוווקס. דער תּוך, דער אינהאַלט, וואס פאַרמאָגט חיות און קראַפט, שטראָמט ארויס און מיטן כּח פון זיין אימפּעט שאפט ער אויסדרוק-מעגלעכקייטן, ווערטער, בילדער, פאָרמען. פונם תּוהו ובוהו שאפט דער אמתער קינסטלער זיין דיכטונגס-וועלט, וואס ווערט ממשותדיק און קאָנקרעט בעת דעם שאַפן גופא און ווערט אזוי ארום געפאָרמט און געקליידט לויטן זיין צלם און געשטאַלט

קומט מען אבער מיט פריער-אויסגערעכנטע און געשטעלטע פאָרמען, שאפט מען קודם-ליצירה-סכעמען, איז עס אַ סימן פון אינערלעכער ארעמקייט און אינהאַלטסלאָזיקייט.

ליטעראטור און קונסט מוזן האבן זייער נאטירלעכן און אָרגאנישן וועג. זיי קאנען נישט האבן קיין קפיצת-הדרך איבער דעם אייגענעם אינהאלט, איבער דעם אייגענעם וועזן.

נאָך ביי די ערשטע נישט-זיכערע טריט, וואס אונזער איצטיקע יידישע ליטעראטור האט געמאכט אויף דעם וועג צו וועלטלעכקייט, זענען מיר צופיל פארכאַפּט געווען פון אַ דראַנג נאָך אויסערלעכע און אומצטום-אנגענומענע פאָרם און בילד. מיר זענען געווען געטריבן צו ליטעראטור מער פון אויסן, ווי פון אינעווייניק. און די פאָרם, דער לבוש איז נישט געוואקסן פאמעלעך און בהדרגה צוזאמען מיטן אינהאלט, זיך נישט געביטן ביסלעכווייז, נאָר געבראַכט געווארן פאַרטיק פון דער פרעמד, און האָט גורם געווען, אַז מיר האבן פיל מותּר געווען אויף דעם תּוך און אינהאלט, אויף דעם אינערלעכן סטיל און קאָלאַריט.

פון איין עקסטרעם צום צווייטן:

דורות-לאַנג האבן מיר פארגעוואלטיקט דעם גוף, מבטל געמאַכט דעם חומר. אפּגעריסן פון דער ממשותדיקער ווירק-

לעכקייט, פארשלאסן אין רוחניותדיקע געטא-מויערן, האט זיך ביי אונז אויסגעבילדעט א גייסט, וואָס איז אינגאנצן אויסגע-טון פון דער וועלט. אזוי האָבן מיר געלעבט אין אונזער אפגעבאַזונדערקייט און געשאַפן די קולטור פון אונזער אייגן לעבן: דורכויס גייסטיקע וועלכן, דער גוף נכנע און משועבד צו דער נשמה, גאנצע דורות, וואס האבן געלעבט העכער פון דער ערד.

און פלוצים — וועלטלעכקייט.

און באַגלייך מיטן געשריי: „מערב-אייראָפּע, וועלטלעכ-קייט, מענטשהייט" — האט מען מיטגעבראַכט פון דער פרעמד, אין דער פרעמד-געבאָרגטע, אין דער פרעמד-צוגעגרייטע מלבושים, און צום לבוש גענומען צופאַסן דעם עצם-גוף און עצם-נשמה, ווי אין אַ סדום-בעטל.

און אזוי זענען מיר מיט אונזער אינערלעכער וועלט און מיט אונזער רייסעניש נאך רחבות ארייגעפאַלן גלייך אין פרעמדע אָרעמס און גענומען זיך צופאַסן צו די אויסער-לעכע פאָרמען פון אייראָפּעישן ראָמאן, דראמע און ליד, הגם דאס עצם-וועזן פון אונזער ווירקלעכקייט, פון אונזער שטאָף האט נישט געשטימט גלייך מיט די פאַרמען-שאַבלאָנען פון דער פרעמד.

פאַר אָט דעם צופאַסן זיך האבן מיר באַצאלט מיט אונזער פרצוף, נשמה און סטיל.

אוי עס איז נישט קיין גוזמא אוז נישט קיין פאַראַ-דאָקס:

וואס מער אייראָפּעישע פאָרם אונזערע פריערדיקע ווערק האבן פארמאָגט, אלץ ווייניקער אייגנטימלעכקייט האבן זיי געהאט און אלץ קורצער איז געווען זייער לעבן פאר אונזער ליטעראטור, — און פארקערט:

וואס ווייניקער אויסערלעכע און אלגעמיין-אָנגענומענע בילדערישקייט, אלץ טיפער און אייגנאַרטיקער דער טאַלאַנט.

בלעטערן מיר אַ דורך די ווערק פון אונזער גרעסערע און קלענערע קינסטלער, ווערן מיר איבערצייגט:

דוקא די ווערק און די טיילן אין די ווערק, וואס זענען געשאַפן לויט פּאַרטיקע אייראָפּעישע, ליטעראַריזירטע מאָדעלן, זענען שוואַך און נישט אינטערעסאַנט.

ווען מענדעלע אדער ר׳ אַלטער יקנה"ז רייסט אי־בער זיין דורכויס־אייגנאַרטיקן געדאַנקען־גאַנג און שמועסן מיט זיך אליין און וויל אָפּגעבן אַ גאָב דער געוויינלעכער נאַטור־באַשרייבונג, איז עס אומנאַטירלעך און נישט שעפעריש און אפילו לאַנגווייליק. ווען דער זעלבער מענדעלע וויל אַרויסקריכן פון זיין הויט און וויל „ראָמאַניזירן" אויפן איי־ראָפּעישן שטייגער, איז ער אומבאַהאָלפן. די האַנדלונג איז אין די פאַלן כמעט אומעטום געקינצלט, און דאס אָנקניפּן די אויסערלעכע געשעענישן איז אינערלעך נישט באַרעכטיקט.

און אויך דער דורך און דורך אייגנאַרטיקער שלום־עליכם, ווען ער גייט אוועק פון זיין אייגענער און „יידיש־לעכער" מאַנער פון שרייבן און פּרוּווט שאַפן נאך דעם אָנגע־נומענעם ליטעראַרישן שאַבלאָן, הערט ער אויף צו זיין אָרי־גינעל. דוקא דורך דער „ווילדער" פאָרם פון לאַנגן מאָ־נאָלאָג (טוביה דער מילכיקער) און דורך דעם, דוכט זיך, „בטלנישן" בריוו־אויסטויש (מנחם־מענדל) שאַפט ער אמתע קינסטלעריש פּערל.

און איז דען פּרץ, דער שפּעטעריקער ווירט־אָזער וואָרט־מייסטער נישט געשטרויכלט געוואָרן מיט זיינע ערשטע רעאַליסטישע גאַנץ־מיטלמעסיקע סקיצן און לידער, וואס ער האט גענומען שרייבן לויט אַלע כּללים פון אייראָפּעישע מוסטערן? און איז דען זיין גאַנץ שפּעטערדיק קינסטלעריש לעבן נישט געווען אַ קאַמף פון אינהאַלט און פאָרם? און ווען ער האט גענומען זיך גראָבן אין דער טיף פון יידישן פאָלקס־שאַפונג, האט ער איינצייטיק אויך אויפגעדעקט גאַנצע אוֹצרוֹת פון יידישן סטיל, פון פרימיטיוו־יידישע אויסדרוק־פאָרמען און דורך זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און איי־ניקע פון זייגע לעצטע דראַמעס זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה פון עכט־יידישן און איינצייטיק עכט־קינסטלערישן שאַפן.

און אָט די ביישפּילן קאָן מעז ברענגען און ברענגען
אָן אַ שיעור.

דאס קליידן זיך אין פרעמדע פעדערן האט געמאכט
אונזער ליטעראטור און פיל פון אונזערע קינסטלער לייכטזי-
ניק, אויבערפלעכלעך און במילא וויינינק שעפעריש.

אין א וויניק-באַקאַנטן אַרטיקל „וואס פעלט אונזער לי-
טעראַטור?" האט פרץ אמאָל געשריבן:

„וואס פעלט אונזער ליטעראַטור? צו אלעם ערשטן-
ט ר א ד י צ י ע... קונסט איז די נשמה פון פאלק, די נאציאָ-
נאלע פערזענלעכקייט... און די פערזענלעכקייט, די נשמה
פון פאלק, ווערט באַשטימט דורך טראַדיציע... ניט אייראָפּע
פעלט אונז... י י ד י ש פעלט, ע ב ר י פעלט"...

„פאר אונז אין די אויגן ווערט אויסגעטריקנט דער
יידישער א י נ ה א ל ט, דער יידישער תוך, אויסגעלאָשן ווערט
די יידישע נ ש מ ה, אדער, ווי מען פלעגט זאָגן — „דאס פינ-
טעלע ייד". מיר ווערן פאַרפלייצט פון פלאַגיאַטן, סוראָגאטן...
און מען פרייט זיך: „גאנץ אייראָפּעיש", זאגט מען!"

ח. נ. ביאליק האט אין א ליד אמאל אויסגערופן: „לא
זכיתי באור מן ההפקר" (איך האב ניט זוכה געווען אין
ליכט פון הפקר), „כי מאבני ומצורי נקרתיו וחצבתיו מלבבי"
(פון מיין שטיין און פעלז אים געשלאגן און געהאקט אים
פון מיין האַרץ). אָט דער אויסרוף איז געווען אַ טיף-איינגע-
שניטענער און אייגנטימלעכער שטריך פון ביאליקס דורכויס-
אייגנאַרטיקן און אָרגאַניש-יידישן שאַפן. און דער עולם און
די קריטיק האט דוקא ארויסבאַוויזן יראת-הכבוד און התפעלות
פאר די אייראָפּעיזירטע לידער פון שאול טשערניכאווסקי און
ז. שניאור, ניט אויפגעהערט צו באַגייסטערן זיך מיט די
„נייע" מאָטיוון, וואס זיי ברענגען אריין אין דער יידישער לי-
טעראטור. און עד-היום קניט מען און מען ביקט זיך פאר דוד
פרישמאן, וואס האָט אזוי באַקעמפט אונזערע י י ד י ש ע שאַ-
פונגען און אַלץ גערעדט אין נאָמען פון אייראָפּע און פון
אייראָפּעישקייט.

דאָס זעלבע איז געשען מיט אונזער טעאַטער: דאָס יידיש טעאַטער איז לכתחילה געווען אינגאַנצן אָריגינעל, דורכויס אַן אייגן וועזן. אברהם גאָלדפאַדען ביי זיין גאַנצער פרימיטיווקייט האָט אַריינגעבראַכט פולע הויפנס מיט יידישן סטיל, שטיקער פון יידישן פאָלקס־שאַפן. אָבער גלייך איז מען געקומען מיט אייראָפּעישע מאָסן, מיט פרעמד־געבאָרגטע פאָרמען און אויסגעראָטן יעדן שפור פון דעם יידישן פרימי־טיוו און אַוועקגעלאָזט דעם יידישן טעאַטער אויף די פלאַכע און גלאַטע רעלסן פונם פרעמדן טעאַטער. און מען איז אַזוי ארום געקומען צו אַ תהום... און איצט הייבן מיר ווידער אָן צו זוכן דעם פאַרשריענעם א. גאָלדפאַדן...

און אונזער יונגע מאָלעריי? אָט ערשט האָבן מיר אָנ־געהויבן מיט אונזער קונסט־פרימיטיוו, אָט ערשט האָבן מיר געפרובט צו מאַכן די ערשטע טריט אין אונזער פלאַסטישן שאַפן און שוין זענען מיר אריינגעפאַלן אין די מאָדערנסטע שבמאָדערנסטע עקספּערימענטן און שוין לייקנט מען שטיין און ביין אין אַלץ יידישעס און מען כאַפּט זיך אָן פאַר די אולטרא־נייקייטן פון דעם נאָכן לעצטן וואָרט פון דער נייס־טער שיטה אין אייראפּע. נתן אַלטמאַן, אליעזר ליסיצקי, יוסף טשאיקאוו און די גאַנצע גרופּע יונגסטע קינסטלער, וואָס האָבן זיך אַזוי געצערטעלט מיט דער יידישער נשמה, יידישן אינהאַלט, יידישן סטיל, יידישער טראַדיציע און באַמיט זיך פאַרוועבן עס אין זייערע קונסט־שאפונגען, האָבן איצט דער־קלערט אַ קאמף דעם גייסט און זיך גענומען צו בלויזע ליניען־קונצן, צו אַרכיטעקט־קאָמבינאַציעס.

אין דעם אויבערדערמאָנטן אַרטיקל זאָגט פרץ

„די יונגע לייט האָבן טאַלענט, עס פעלט זיי אָבער די מאָס פון אייגענער און פרעמדער קראַפט; פון נאָענט און ווייט, פלאַך און טיף... און לייכטזיניק זענען קינדער און שפּילן זיך מיט פייער... און ביים פרעמדן פייער ווערן נשמות פאַרברענט"...

מיר האָבן אַ גאנצן בית־עולם פון די געפאַלענע אויפן

מזבח פון דער פרעמד-איבערגענומענער פאָרם, און איבער-דערציילן די נעמען הייסט אויסרעכענען אַ גרויסן טייל פון אונזערע שרייבער און קינסטלער.

אָנשטאָט אויסצעוויטאָגן יעדע שורה, אָנשטאָט צו גראָבן זיך אין דער טיף פון אייגענעם וועזן, אָנשטאָט צו האַקן פון אייגענעם פעלז, האָט מען זיך געלאָזט אויף פרעמדע שיפן איבער פרעמדע ימים און גלייך צוריקגעקומען „אָנגע-לאָדן" מיט האָב און גוטס. און מיר האָבן זיך געפרייט מיט דער „שפע" און „עשירות" און ס'איז נישט איינגעפאלן, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי שלעכטע איבערזעצונג-ליטעראַ-טור, פרעמד-געבאָרגטע מאָס און וואָג, וואָס האָט נישט קיין טיפע וואָרצלען אין דער זאַפטיקער שוואַרץ-ערד פון אונזער קולטור-שאַפן. און די אַלע ווערק, וואָס מיר האָבן אַזוי גרינג, אָן חבלי-לידה געשאַפן, זענען גלייך פאַרגעסן געוואָרן. מיט אַמאָל אויפגעפלאַקערט ווי פייער-ווערק, אָבער קיינעם נישט געוואַרעמט און קיינעם נישט גע-לויכטן...

מיר שטייען איצט ווידער אין דער יידישער ליטע-ראַטור און קונסט פאַר אַ סכנה צו פאַרלירן אונזער מהות, אונזער תוך, אונזער אינהאלט. מיר שטייען איצט פאַר אַ „עשירות", וואָס קומט פון אויסן און דרויסן, און איצט — פון דער נייער שיטה פון סתם-פאָרם, סתם-סכעמע.

און אָט די אַלע אולטרא-מאָדערניסטן פון וואָרט און פענזל דאַרפן געדענקען אן דעם אַלטן אמת:

צוערשט מוז זיין שאַפונג-פאַטאָס, שאַפונגס-ווילן, צייט-טיק-געוואָרענער געפיל צו שאַפן און ערשט שפּעטער קומט די פאָרם, די צורה.

קומט מען צוערשט מיט פאָרם, מיט בלויזער פאָרם, ברענגט מען קודם-למעשה די מאָס, קעסטעלט מען און צייכנט מען אָן פאָרויס די ליניען, — איז עס אַ סימן-דלות, איז עס אַ סימן, אַז עס פעלט די אינטויטיווע קראַפט צו שאַפן, און אַז דער קינסטלער בויטיקט זיך אין אויסערלעכע, זייטיקע

מיטלען, כדי צו פאראינטערעסירן און פאראינטריגירן מיט זיין וועזן.

דער אמתער דיכטער און קינסטלער נויטיקט זיך נישט אין דעם. זיין וועג איז פון אינעווייניק אין דרויסן, פון אינהאלט צו פאָרם.

איז פאראן אינהאלט, וועט די פאָרם ממילא קומען.

דער טיפער, אייגנארטיקער אינהאלט שאפט שטענדיק די אייגנארטיקע פאָרם.

1923

---

# וואו איז פרץ?

## (צום 6־טן יארצייט)

דאס איז געווען אין דעם יידישן קיעוו, אין די ערשטע טעג פון דער רעוואלוציע. אין דער דערזעענער יום־טובדיקער פרייד פון דער גרויסער רוסלענדישער רעוואלוציע, אינעם ליכטיקן און שיינענדיקן פרי־יאָר פון 1917.

די רעוואלוציע האט דאן געהאלטן אין שטייגן און אין וואקסן. דאס פאליטיש־אויפגעוואכט לעבן האט ארויסגעווארפן ענטוזיאַסטישע לאזונגען, די יידישע סאציאליסטישע פארטייען האבן געפייערט זייער גרויסן נצחון־יום־טוב, די ברייטע יידישע ארבעטער־מאסן זענען אויפגעטרייסלט געווארן פון דעם ברויזנדיקן רעוואלוציאנערן שטראם, אויף דעם ברייטן, ליכטיקן האריזאנט האט געשיינט די גרויסע זון פון פרייהייט, און דאן, — אין די פסח־טעג פון 1917־טן יאָר, — האט די יידישע רעוואלוציאנערע דעמאקראטיע איינגעאָרדנט א גרויסן קאנצערט־מיטינג צום אָנדענק פון י. ל. פרץ, — צו זיין צווייטן יאָרצייט.

און אט דער קאנצערט־מיטינג, וואס אַ גרופע ליטעראטן־סאציאַליסטן האט איינגעארדענט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן, פייערלעכן יום־טוב פון דעם יידישן רעוואלוציאָנערן געדאַנק, פון דעם מאָדערנעם יידישן שאַפן. פרץ איז דאן אויסגעוואקסן אין אַ ריזיקער, כמעט לעגענדאַרישער

הויך, ער איז געווארן דער סימבאָל פון דאס נייע, מאָדערנע, צאַפּלדיקע, ער איז געווארן די רעוואָלוציאנערע באַגייסטע-רונג פון די דורשטיקע, אויפוואַכנדיקע הערצער.

אין דער זאמלונג „י. ל. פרץ — צום צווייטן יאָרצייט", וואס די גרופּע האט דאן ארויסגעלאזט, האט איינער פון דער גרופּע געשריבן:

„און היינט, אין טאג פון זיין צווייטן יאָרצייט, וואס איז אויסגעפאַלן אין מאמענט פון דער שטייגנדיקער רעוואָ-לוציע, וועט די יידישע ארבעטער-דעמאקראַטיע ערן זיין אָנ-דענק מיט ליבע און מיט טיפן טרויער, וואס פרץ פעלט אונז אין אזאַ צייט".

אַ צווייטער אין דער זעלבער זאמלונג שרייבט:

„אין אונזער נייעם און באנייטן לעבן גייט-מיט מיט אונז פרץ. פון וואַנעט מיר גייען נישט אָפּ, קומען מיר צו אים. דורך אים שליסן זיך אלע וועגן, וואָס גייען אָפּ פון יידישער ווירקלעכקייט, פון יידישן לעבן, פון יידישער קאָ-נצענטרירטער שיינקייט. אין אונזער נייעם לעבן גייט-מיט מיט אונז פרץ".

און אז אָט די דאזיקע ווערטער זענען נישט געווען בלויז פראַזן, איבערגעטריבענע פראזן, ארויסגעטראגן צו אַ יאָרצייט, האבן באוויזן די שפּעטערדיקע עטלעכע יאָר פון דעם קולטור-קינסטלערישן יידישן קיעוו.

פרץ איז געווארן דאס צויבער-ווארט פאר די יונגע שעפערישע כחות, וואס דאס אויפוואַכנדיקע לעבן האט פון זיך ארויסגעטיילט, ער איז געווען דער אויפרעגונג-שטאָף פאר די זוכנדיקע, נייגעריקע און לעכצנדיקע, ער איז געווען דער הויכער טורם, צו וועלכן עס האבן זיך אָן אויפהער געצויגן די דורשטיקע בליקן פון יונגן קינסטלערישן אויג.

און אָט דער פייערלעכער קאנצערט-מיטינג איז געווען די ערשטע פארבינדונג צווישן פרצן און דעם רעוואלוציא-נערן קינסטלערישן געדאנק, און פון דאן אָן האט זיך די התקרבות צו פרצן אלץ מער און מער געשטארקט.

פול מיט שטורם און דראַנג, מיט פרייד און באַגייס־טערונג פאַרמעסט זיך די יידישע רעוואָלוציאנער־שעפערישע אינטעליגענץ אויף ווייטע וועגן, ווייטע פערספעקטיוון, אויף נייע וועלטן און נייע טרוימען. און דעם אָנלען פילט זי אין דעם אומרו־גייסט, אין דעם גרויסן פּזרן י. ל. פרץ, וואס האט אין משך פון דרייסיק יאָר געפלאקערט און געבליצט, „מיט די פיס געשטאָלפּערט אויף דער ערד, און מיטן קאָפּ געשפּאַרט צום הימל", געשמידט רינג צו רינג און געשאפן „די גאלדענע קייט", דורכגעמאכט דעם „גלגול פון אַ נגון", גע־וועזן „צווישן בערג" און דערגרייכט צו „אויב נישט נאך העכער".

פרץ איז געווארן די פאַרקערפּערונג פון מאָדערנעם יידישן שעפערישן געדאַנק, וואס שלאגט זיך דורך א וועג דורך דעם יידישן לעבנס־שטייגער, דורך דעם יידישן גוף און חומר צו דעם אוניווערסאַלן וועלטלעכן געדאַנק, צו דער אלוועלטלעכער נשמה און געפיל. און די אלע זוכענישן, עקס־פערימענטן, וואס זענען געמאכט געווארן דורך די יונגע קינסטלער זענען דערום אזוי ענג, און אָרגאַניש פארבונדן געוועזן מיט פרצן, מיט זיין גייסטיקער וועלט, מיט זיין שאַפן. די אלע קינסטלערישע אָנשטרענגונגען פון די לעצטע עטלעכע יאָר אין אוקראַינע פירן זייער אנהויב פון פרצן, וועלכער באגייסטערט, טריפט אריין שפע און חיות און באַ־שטראלט מיט זיין בלענדנדיקן שיַין און שיינקייט.

די „קולטור־ליגע" אין קיעוו באקרוינט איר קולטור־פאָנד מיט די נעמען „מענדעלע, פרץ און שלום־עליכם", אבער פאר אַלעמען איז קלאר געוועזן, אז דער צענטר ליגט אינם עמוד־התוך, אין פרצן.

די דראַמאַטישע סטודיע רייסט איבער אלע פעדים מיטן אלטן, פארעלטערטן טעאַטער, באפרייט זיך אינגאנצן פונם „רויטן טיכל" און דערעסנדיקן רעאליזם און דורך פרצן, דורך זיינע „מקובלים", „דריי שוועסטער", „מוסר", „דריי נייטארינס", „בערל דער שניידער" וויל זי אנטפלעקן איר־

נייעם מאדערנעם פּרצוף־פּנים און דורך אים ריכט זי אָפּ איר נייע טעאטראַלע עבודה. אינם קאמף קעגן די יידיש־לעכע פארמען פאר דאס יידיש־וועלטלעכע, אינם דראנג ארויסצוקריכן פון היימישן שימל, באהעפט זיך די סטודיע צו פּרצן און דורך אים דערגייט זי צום נייעם, דרייסטן, אינהאַלטפולן טעאטער. דער יונג־זוכנדיקער, אינער־לעך־געריייניקטער ארטיסט געפינט אין פּרצס באפליגלטע ווער־טער דעם אמתן אויסדרוק פאר זיין אינערלעכן פּאַטאָס און פרייד. און ווען די זעלבע דראמאַטישע סטודיע איז דערגאנ־גען צום קאָלעקטיוון שאַפן, ווען זי האט דורך דער כאָר־דעקלאמאציע געוואלט ארויסשלאגן לעבן און חיות פון ווארט, פון דעם פארקילטן, ליטערארישן ווארט, איז זי ווידער אמאל געקומען צו פּרצן און אנגעהויבן פון זיינע „פיר יאר צייטן", פון זיין רעוואלוציאנערן „וועכטער" און דערגאנגען ביז צו זיינע פּראכטפולע קינדער־לידער.

אויך די יונגע מאָלער־קינסטלער פון דער יידישע אוק־ראַינע זוכן צו אנטפלעקן זייער קינסטלערישע פאנטאזיע דורך פּרצס שאפונגען. די „פאלקסטימלעכע געשיכטן", — די באגייסטערטע פאנטאסטיק אויפן פאָן פון דעם יידישן פאלקס־פרימיטיוו, די שפע פון פארב און בילד אין דער יידישער מעשה, דער טיף־אייגנארטיקער סטיל און אינהאלט פון דער איבערגעדיכטעטער און פארטיפטער פאלקס־פאנטאזיע — די „פאלקסטימלעכע געשיכטן" באצויבערן דעם יונגן יידישן מאָלער. פון פּרצס מעשה ציען זיי זייער שעפערישע יניקה און זיי פארמעסטן זיך צו דערגרייכן דורך פּלאסטיק צו דעם, וואס פּרצן איז געלונגען צו דערגרייכן מיטן ווארט. מארק שאגאל און י. ב. ריבאק — זייער קינסטלערישע פאנטאזיע — איז אינגאנצן פארוועבט געווען אין פּרצס שאפונגס־גייסט.

און ווען דער יונגער קאמפּאזיטאר משה מילנער שלאגט זיך דורך א וועג פון דעם פרימיטיוון פאלקס־ליד צו די העכערע יידישע מוזיקאלישע פארמען, ווען ער זוכט צו געפינען דעם סינטעז צווישן דאס נייע, ראפינירטע, מאדערנע

מיט דעם יידישן פאלקסטימלעכן מאטיוו, מיט דעם אייגנאר־טיקן יידישן סקארבאוון נוסח, אנטפלעקט ער עס אין זיין גלענצנדיקער, טרוימעריש־דיכטערישער סיזאיטע אויף די צען פרצס קינדער־לידער.

און אזוי אומעטום, אויף אלע געביטן פון דער שעפע־רישער אָנשטרענגונג אין דער יידישער אוקראינע איז פרץ געווען דער אָנהאלט און באצויבערער, דער מיטל־פונקט און פייער־זייל, וואס באלייכט דעם וועג צו דעם אייגנארטיקן, מאדערנעם יידישן שאפן.

בלעטערן מיר דורך די זאמלונגען, ביכער און פאר־שיידענע אויסגאבן פון דער יידישער אוקראינע, טרעפן מיר אומעטום א י ן די שורות און צ ו ו י ש ן די שורות פרצס גייסט, פרצס אויגן, אט די שטראלנדיקע דריי אותיות, וואס זענען פארבונדן ביי אונז מיט דעם גאנצן מהות און עצם פון דעם מאדערנעם יידישן שאפן.

---

און מאדנע און נישט פארשטענדלעך איז, וואס דא, אין דער גרויסער, וואָגיקער יידישער ווארשע, טרעפן מיר אין ערגעץ נישט פרצן.

אין טעאטר — קיין זכר נישט פון אים, איז ליטעראטור — קיין שפור נישט.

אין יידישן טעאטר און ארום אים האלט מען אין איין דבקהנען זיך מיטן „דבוק" און „מיטן כח פון דבוק". אין דער ליטעראטור הערשט א צעשוווּמענע ליטעראַרישקייט, אַן איבערפליסנדיקע פארפלייצונג פון נעמען, ביכער און לידער, לידער אָן א שיעור.

און אפילו אין די גרויסע פענסטער פון די ביכער־קראמען, וואו עס איז ארויסגעשטעלט פון אלטס און נייס, פון עטינגערס „משלים" ביז... קראָנענבערגס „ווערק", איז נישט צוגעפונען פרצן.

און אט די באציונג צו פרצן — כאראקטעריזירט זי דען

נישט די היגע ליטעראריש-קינסטלערישע וועלט, וואס איז צעשטויבט און צעשפליטערט, אָן דער גרויסער, איינהייטלכער אידעאלאגיע פון דעם נייעם מאדערנעם שאפן?

— —

און אט דערנענטערן זיך די יאר-צייט-טעג פון פרצן, און די צייטונגס-מודעות זאגן שוין אן וועגן פארשיידענע פרץ-אוונטן...

און ביי דעם אלגעמיינעם פארשוויינגן פרצן רעגן אויף און באליידיקן אַט די צייטונגס-מודעות, און עס הערט נישט אויף צו עגבערן אין מח די פיינלעכע פראגע:

— וואו איז פרץ?

וואו איז פרץ אין דער צאלרייכער יידישער ליטעראריש-קינסטלערישער ווארשע?

ווארשע, אפריל 1921

# אויף נייע וועגן

מיר לעבן איצט אין אַ שווערער, גאָר שווערער צייט. די שוידערלעכע וועלט-מלחמה און בירגער-קריג, אין וועלכע עס זענען מיט זייער ווילן און קעגן זייער ווילן מיט לייב און לעבן געווען אריינגעצויגן מיליאָנען מענטשן פון גאָר דער וועלט, האט אינגאנצן צערודערט דעם געוועינלעכן לעבנס-שטייגער און ארויסגעריסן מיט די וואָרצלען די לעבענס-אָרדנונגען, וואס זענען איינגעפונדעוועט געווען דורך דורות און יאָרהונדערטער. דער ווילדער וועלט-געראנגל האט פארסמט דאס בלוט, אויפגעריסן מוחות און הערצער; שטעט און געגנטן זענען אומגעקומען, און דער גאַנצער סדר-העולם האט זיך ראדיקאַל געביטן. די מענטשהייט טראגט אויף זיך צוזאַמען מיט דער צייט דעם בלוטיקן קין-צייכן, טראגט אין זיך די זוימען פון דעם נייעם געוויסן, וואס איז פאַרבלוטיקט און געשענדעט און איינצייטיק אויך גערייניקט און געהייליקט אין שוידערלעכן פיין.

און נאטירלעך און פאַרשטענדלעך איז דער אלוועלט-לעכער און אלמענטשלעכער חשבון-הנפש. נאַטירלעך איז דער פאַטאָס פון אויסגעשריי, דער פאַטאָס פון אימפעט. אויף ראַשיקע געשעענישן, אויף שטורמישע רייסענישן מוז מען אָפּענטפערן מיטן הילכיקן וואָרט, מיטן האַסטיקן קול.

די אויסגעפייניקטע און אויסגעווייטאָקטע מענטשהייט זוכט נייע פאָרמען, נייע בילדער, נייע אויסדרוק-מעגלעכקייטן פאַר דעם אינערלעכן געוויכער.

רוסלאַנד, אוקראַינע, דייטשלאַנד, בעלגיע, עסטרייך, פראַנקרייך, פּוילן, — זיי אַלע מיט זייער ליטעראַטורן וואַרפן זיך פון פּיין און ווייטאַק, און אויפגערעגטע צאַפּלען זיי און גאַרן נאָך דעם באַגייסטערטן און באַשטראַלטן קונסט-וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן דעם שווערן אומעט און צעבלוטיקטע נשמה און איינצייטיק אויך דעם פריידפולן און שטורמישן געפיל פון דאָס נייע, וואָס פאַרכלינעט דאָס האַרץ.

אין זייער איצטיקער דיכטונג, דראַמע און פּראָזע שפּירן מיר משונהדיקע פאַרלוירנקייט, דרייסטן אָפּלייקענען פון די פעסטגעשטעלטע און אָנגענומענע נאָרמען און האַסטיקן רייסן זיך אויף נייע וועגן. די איצטיקע ליטעראַטור, וואָס האַלט זיך אין שאַפן, איז אויפגעררייצט און אויפגעפלאַקערט און זי טראָגט אויף זיך דעם צייכן פון דער איצטיקער צייט. אין דעם מאָדערנעם שאַפן איז אויסגעמישט דאָס טייוולשע און געטלעכע, די קללה און ברכה פון דער איצטיקער תוהו-ובוהו תקופה.

דער לעזער פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור דערוויי-טערט זיך פון דאָס סענטימענטאַלע-שטילע און גאַרט נאָך דעם שטאַרקן אויסדרוק-וואָרט, וואָס זאָל קאָנען רירן און „נעמען" זיין אויפגערודערט האַרץ.

און מיר? זענען דען אונזערע לייבער און געמיטער נישט דורכגעפּאַסצוועט געוואָרן פון דער שוידערלעכער צייט? אויך מיר זענען צעריבן געוואָרן אונטער ריזן-מיל-שטיינער פון דער מלחמה און בירגער-קריג. צוזאַמען מיט אַלע, און צייטנווייז פיל מער ווי אַנדערע, האָבן מיר געטראָגן דעם שווערן יאָך פון דער אויסטערלישער צייט. משונה-ווילדע גע-שעענישן האָבן צעטרייסלט ביזן יסוד אונזער גאַנץ לעבן און וועזן.

שרייט דען נישט אַרויס מיט טויזנטער קולות פון יעדן איינעם פון אונז דער צער און צאָרן פון דעם פאַרגוואַל-דיקטן געוויסן, און שטראַלט דען נישט אַרויס פון אונז דער פרייד-שגעון פון דאָס נייע אומגעריכטע און לאַנג דערוואַרטעטע?

אונזער די כ ט ו נ ג, אונזער ד ר אַ מ ע און אויך אונזער פּ ר אָ ז ע האָבן אויפגעוואַכט, האבן אויפגעלעבט אין איינקלאַנג מיטן אימפּעט פון דער נייער צייט.

און ווער קאן איצט קומען און רופן צוריק?

„ווען ס׳קריצן ציין צונויפגעפּרעסטע,
ווען ס׳בליצן פונקען אין די אויגן,
ווער קאָן מיר עצהן, מעסטן,
ווער קאָן מיך פרעגן:
האסטו אָפּגעווויגן?
— — — — — — — — — — — — — — —
ס׳איז הייס דאס הארץ, עס טרייבט נאָך בלוט,
עס גליט פון וויי, עס גליט פון מוט,
און וויי און מוט איצט קאן איך ניט צעטיילן!“

(ד. האפשטיין).

און פריער פון אַלץ און אַממייסטן האט אויפגענומען די נייע צייט אונזער דיכטונג, אונזער פּאָעזיע.

רופן מיר אָן בלויז די נעמען פון די יונגע יידישע דיכטער: ד. האפשטיין, פרץ מאַרקיש, לייב קוויטקא, א. קו-שניראוו, אשר שווארצמאן פון אוקראינע; בער האראוויץ, א. צ. גרינבערג, מלך ראוויטש, משה ליפשיץ פון גאַליציע: משה בראדערזאן, מ. קולבאק, א. פרידקין, ישראל שטערן פון פּוילן און ליטע; ד. אייזלאנד, מ. ל. האַלפּערן, זישע לאנדוי, ה. לייוויק, מאני לייב, א. לעיעלעס און נאך און נאך פון אמע-ריקע: י. י. סיגאל פון קאנאדע, — רופן מיר בלויז אָן די נעמען פון אָט דער בונטער פּלעיאדע, און פאר אונז וויקלט זיך פאנאנדער א נייע, רייך און קרעפטיק דיכטעריש לעבן, פול מיט אימפּעט, פול מיט רויש-געזאנג פון אונזער צייט.

יעדער איינער פון די נייע דיכטער האט זיך געוויס זיין פּרצוף, זיין כאראקטער, זיין פּאַרנעם, זיינע קינסטלערשע מעגלעכקייטן, איינס אָבער פאראייניקט זיי אלעמען:

זיי האבן איבערגעריסן מיט דער נודנער רוטינע פון דער שאַבלאָניזירטער ליטעראַרישקייט אין אלע אירע פּאָר-

מען און אויסדרוקן און אָנגעהויבן אַ נייַ שעפעריש לעבן.

פארשקלאפט איז געווען דער ביז איצטיקער יידישער דיכטער און איינגעקלאַמערט אין פאַרליטעראַרישטע קייטן. די נייע יידישע דיכטער זענען אויפגעפלאַקערט פון דער צייט און אין א געוויסער מאָס אויך דורכגעברענט דורך איר. די צייט האט זיי באַפליגלט און איינציקוויז אויך אונ־טערגעהאַקט די פליגל. פרייד און פיין איז דורכגעמישט, פלאַטערדיקע ליבע און טריפנדיקער צאָרן, אויפגעשטראַלטער פלאַקער און צעבראָכן געמיט.

זיי קומען אלע פון דעם גרויסן וועלט חלל, זיי האבן זיך געטונקען אין די געשעענישן און זיי זענען פול מיט דעם אימפעט, וואס פארכאַפט גאָר די וועלט. און פון דעם שטור־מישן לעבן קומען זיי גלייך צו זייער שאַפן. זייער שאַפן איז פאַרפלאָנטערט אין דעם געגרויש און אין דעם געטומל, און קיינער פון זיי וויל נישט איבערהאַקן די פעדעם, וואס ציען זיך פון לעבן צום שאַפן. דערום איז דאס נייע ליד נישט געפלאַסטערט שטיקלעכוויז, נישטא דארט די מאָזאַאישע געקינצלטקייט פון ווארט און פערז. דאס ארכיטעקטאָרישע מעסטן און וועגן לויט אַ פאָרויס־אָנגעצייכנטער סכעמע, איז איצט לחלוטין פרעמד דעם דיכטער.

„ווער רייטנדיק אויף זאָטלדיקע שטורעמס
מיט הענט זיך איינגעקעמט אין וויכערישע גריוועס גרינע,
ווער טראכט: צי פרי, צי שפעט?
ווער פרעגט: פאַרלירן, צי געפינען?"... (פ. מארקיש)

דער דיכטער אָפערירט נישט איצט מיט קיין אבסט־ראקטע באַגריפן און אבסטראקטע „שיינקייטן". דער ריין־גע־דאַנקלעכער און סענטימענטאַל־טרוימערישער אויפטו איז ניש־טיק און בלאָס לגבי דאס ווירקלעכע, לגבי דאס קאָנקרעטע ממשותדיקע פונם איצטיקן לעבן. און אינגאנצן אין היפוך פון דער פרידלעכער צייט, ווען דעם דיכטערס פאנטאזיע האט זיך געריסן פון ווירקלעכקייט צום טרוים, פונם רעאַלן צום אויסגעטראכטן, — איז איצט דער דיכטער

פארגאפט פון דאס געשעענע, און זיין דיכטעריש ווערן איז אריינגעצויגן אינם געווירבל פונם ממשותדיקן קאמף.

און דאס ברענגט דערצו, וואס אין דער פּאָעזיע ווערן אריינגעשליידערט פיל „פּראָזאישע" ווערטער און אויסדרוקן, וואס שאָקירן דעם „פיינעם" אויער.

פיל יאָרן האט זיך די דיכטונג געוויקלט אין א „טלית שכּלו תּכלת", זיך געצערטלט און געריי‌ניקט, זיך געשלייפט ביז זי איז געווארן הוילע רוחניות, נשמה אָן גוף, און ווען דאס לעבן האט אויפגעציטערט און זיך אויפגעריסן, איז זי, די בת-מלכּה-דיכטונג, א בלאסע און אויסגעצערטע געוואן און ניט ביכולת געווען צו טראגן אויף אירע אויסגע-איידלטע פּלייצעס דעם עול פון דער צייט און איז אומגע-פאלן אונטער דער שווערער משׂא.

די נייע דיכטונג האט וויי‌ניק שייכות מיט דער פרי-ערדיקער, און די געזעצן און די אנגענומענע אמתן פון דער אלטער דיכטונג זענען איר לגמרי פרעמד. קאן מען דערום נישט קומען מיט פארגלייכונגען פון פריער, קאן מען נישט קומען מיט טענות פאר דעם חלול-הקדש פון ליד, ווען מען דערלויבט זיך אריינצופירן אין איר „אגיטאציע", „פּראָזע" און פּובליציסטיק-מאָטיוון.

ווייל נישט צערטלען דעם אויער, נישט פארוויגן אי-בערגעזעטיקטע וויל די נייע דיכטונג, נאר פארקערט —

אויפרודערן, אויפטרייסלען, רייצן, אויפשטורמען.

און זי באנוצט זיך דעריבער מיט נייע ווערטער, נייע אויסדרוקן, וואס זיינען איצט רעאל אין לעבן, וואס האבן אריינזויגן אין זיך דעם דם-התמצית און חיות פון דער איצ-טיקער פיינפולער-צייט.

---

אויך אונזער דראַמע שלאגט זיך דורך אַ וועג פון צווישן דעם אָנגעשאָטענעם באלאסט פון די פריערדיקע יאָרן. די דראמע רייסט זיך פון די איינגע צימער-ווענטלעך,

פון דעם אמאָליקן, בירגערלעכן טאָג-טעגלעכן לעבנס-שטיי-גער, פון דעם סתם-שילדערן, פון דעם, וואס מ'רופט אָן אין רוסישן „ביט", צו דעם צייט-גייסט, צום אומרו און אימפעט, צו די ליידן און פריידן פון די ברייטע פאָלקס-מאַסן.

טעאַטער — די סאַמע מאַסנהאַפטיקע און עפנטלעכע אַרט קונסט, — לעבט איצט איבער אומעטום און ביי אַלעמען אַ נאַטירלעכן שווערן קריזיס. ביי דעם אומגעהויער-פאַרשאַרפטן און אָנגעצויגענעם פילן און דענקן איז איצט אוממעגלעך צו ווירקן אויף דעם מאַסע-צושויער מיט די אַלטע, פאַרעלטערטע קונסט-מיטלען און סצענישע אויפפירונגען. דאָס אויפגערעגטע הארץ און דער ביז קרענקלעכקייט איבערמידער מח זוכן שטאַרקע, אויסטערלישע איבערלעבונגען, ראַשיקע באַוועגונגען, קרעפטיקע צוזאַמענשטויסונגען, הילכיקע טענער. די שטימונג-פולע פויזע פון אַ טשעכאָוו-פּיעסע, די נאַטוראַליסטישע העויות און רעאַליסטישע שטריכן פון אַ רעאַליסטישער דראַמע פאַר-כאַפּן נישט און פאַראינטערעסירן נישט דעם צושויער. די דראַמע דאַרף ווערן מער דינאַמיש, די סצענע באַדאַרף ווערן די אַרענע, אויף וועלכער עס באַדאַרפן אַרויפקומען פאַטעטי-שע, באַגייסטערטע העלדן, וואָס טראָגן אין זיך דעם פּאַטאָס און באַגייסטערונג פון דער תקופה. אַנדערש וועט זי בלייבן אונטערשטעליק. זי וועט זיך אָפּגעבן מיט קליינע נישטיגקייטן און וועט נישט באַגייסטערן נישט זיך און נישט דעם צו-שויער. די סצענע איז אַ בשותפותדיקע, קאָלעקטיווע אַרט שאַפן, אַ מיטלפונקט, אַ צענטער, ווי פאַרשיידענע אַרטן קונסט באַגעגענען זיך, פאַרייניקן זיך באַנאַנד. טעאַטער איז אַ סינ-טעז פונם שרייבער, מאָלער, מוזיקער, שוישפּילער און רע-זשיסער, וואו יעדער איינער און אַלע אינאיינעם מיען זיך צו געפינען דעם אויסדרוק פאַר זייערע געפילן, אידעען, שטרע-בונגען, אידעאַלן. און אויב דער איינאונאייציקער דיכטער קאָן איצט נישט באַגייסטערט ווערן פון שטיל-סענטימענטאַלע, אינטים-נאָגנדיקע שטימונגען פון אַ „עמעץ וואָס האָט זיך

פארבענקט״, א פשיטא שוין, אז עס קאן נישט זיין קיין פּאַ־טאָס־שטאָף פאר דער קאָלעקטיווער שאפונג פון דער דראמע, פון דער דראמע, וואס גאַרט צוציען צו זיך דעם מאסע־צו־שויער.

אין צוזאמענהאנג מיט דער ראדיקאלער ענדערונג אין די שטימונגען פון די ברייטע פאָלק־און־ארבעטער־מאסן, אין צוזאמענהאנג מיטן נייעם פארגיכערטן פּראָצעס פון פילן, דענקען, אויפנעמען און רעאגירן ווערט אומגעביטן און גע־ענדערט דער דראמע־שטאָף.

ביזאהער איז דער יחיד געווען דער אליין־הערשער אויף דער בינע. אלץ האט געדינט דעם העלד, זיין לעבן־שטייגער, זיין פסיכאָלאָגיש און לאָגיש וועזן. די בינע איז געווען דער דירעקטער המשך פון דער שטוביקער ליטעראטור, איר אויסטייטשער. און די בינע איז צעקעסטלט, צעצימערט און מיט טאפעטן פארקלעפּט געווארן.

איצט איז דער מענטש ארויסגעצויגן געווארן פון זיינע ד׳ אמות: נישט די שטילע שאָטנס פון זיין צימער באהערשן אים, נישט אין די ראמען פון די פיר ווענט קומט פאַר דער גערא‍נגל פונם צייט־גייסט און נישט אין די פסיכיש־פסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען פון דעם איין יחיד איז איצט דער שווער־פּונקט און מיטל־פּונקט פון אונזער צייט. די גאס, דער ברייטער שטח, די טויזנטער, דער כּלל — דא שפּילט זיך אָפּ דאָס וויכטיקסטע, באדייטנדיקסטע און עיקרדיקע פון אונזער תּקופה.

דער צענטער איז ביזאהער געווען דער יחיד. ער איז געווען דער אתּה־בחרתּנו, דער אויסדערוויילטער, און די מאסן — א פּאסיווע, אינערטע, ווילנלאָזע באשעפעניש. דער יחיד האט פארמאָגט אידעען, פּראָבלעמען, ער איז מיט צען קעפּ העכער געווען פון דער רויער, גרויער עדה. ער האט געהערט און געמאנט, און די מאסע האט זיך בלינדער־הייט געלאָזט מיטציען אינם וועג פונם יחיד, אדער פאר־קערט — געפּילט שׂנאה און האס צו אים, און אין שעה פון

פאר ווייפלונג און מידקייט פארשטיינערט דעם יחיד און זיך אומגעקערט צו איר טאָג-טעגלעכקייט (איבסענס „בראנד“, הויפּטמאנס „זינקענדיקער גלאָק“).

גאנץ אנדערש זענען איצט די פארהעלטענישן צווישן יחיד און כלל, צווישן דעם איינציקן און קאָלעקטיוו. די מאסע איז איצט אקטיוו רעוואָלוציאנער, זי טראגט אין זיך זוימען פון אומצופרידנקייט און אומרו, פון שטורעם און דראנג, און דער יחיד איז נישט מער ווי איר אויסדריקער, ער שווימט ווי א שפּענדל אויפן ברייטן, ברויזנדיקן ים.

און אין דער שיין פון די איצטיקע געשעענישן, ווען די מאסע האט זיך באוויזן ווי אן אקטיוו, קרעפטיק, אימ-פעטפול וועזן, ווערן איצט פון ס׳ניי באלויכטן לאנג-אוועק-גייענדיקע היסטאָרישע תקופות, און נייע און באנייטע קומען איצט ארויס אמאליקע וויכטיקע געשעענישן. די מאסע אליין פאר זיך איז א באדייטנדיקער, בונטער העלד, וואס פארמאגט חיות, אימפּעט, איז פול מיט גלויבן און האָפענונג, זוכט און גארט נאך דעם דרייסטן און זוניקן אויפגאנג, האט דעם געזונטן, אויפריכטיקן חוש פאר דאס גרויסע און שיינע און איז מערקווירדיק אינטערעסאנט ווי אינם שטייגן, אזוי אויך אינם פאלן.

ביינישׂ שטיימאנס דראמען: „משיח בן יוסף“, „ביים טויער“, „דאס רויטע קינד“, ישראל אדלערס צייט-דראמע: „נאכן שניט“, י. י. זינגערס דראמאטישע פּאָעמע „ערד-ווײ“, — נישט געקוקט אויף זייער סכעמאטיש-קייט —, זענען באדייטנדיקע פּרוּוון און סימנים, אז אונזער דראמע זוכט נייע וועגן, זוכטן נייע פאָרמען, פּרובט אריינ-ציען אין איר קרייז די מאסן, די לעבעדיקע, אויפברויזנדיקע מאסן.

---

שווערער איז דער וועג פון דער פּראָזע צום נייעם.

פּאָעזיע שאפט זיך דער עיקר פון רעפלעקסן, פונם צאַפּל. אויפרעגונג, דער ברי, דער איינדרוק איז שטאָף פאַרן ליד. פּאָעזיע האט צו טאָן מיטן אויסטערלישן געפיל, פּאָעזיע קומט פונם העכסטן-פּונקט, צו וועלכן די עמאָציע פונם דיכטער איז פּלוצים און האַסטיק דערגאַנגען, דאס ליד שפּיגלט אָפּ דעם אויפברויז-געפיל, אפטמאל אפילו נישט סיסטעמאַטיזירטע און נישט גאָר קיין קלאָרע געפילן, וואס האָבן פאַרכאַפּט דעם דיכטער. אין ליד קאָן קומען אַ געמיש פון אַמאָל און איצט, פון טרוים און וואָר, פון קלאָרעס און אומקלאָרעס.

פּראָזע פאַרקערט מוז אויסגעשטאַנען ווערן. נישט דאָס מאָמענטאַלע, נישט דאָס אויפגעפלאַקערטע, נאר פאַרקערט — דאס מאָנומענטאַלע, איינגעשטאַנענע זוכט די פּראָזע צו פאַרקערפּערן. די פּראָזע מוז זיין פאַרוועבט אינם לעבנס-שטייגער, וואָס בילדעט זיך דורך מענטשן, דורך א סביבה, דורך געוווינהייטן, דורך פאַרהעלטענישן צווישן איין מענטש מיטן צווייטן, וואָס שטעלן זיך אַיין דורך קליינינקייטן, איינצלהייטן אין לויף פון צייט. פּראָזע, ווי דאָס לעבן, גאַרט צום נוסח, צום איינגעפונדעוועטן און פאַרגליווערטן נוסח. און בעת עס שווינדלט פאַר די אויגן, און די העויות און תנועות זענען אזעלכע האַסטיקע, איז אוממעגלעך צו פאַרבינדן עס אין איין קייט פון געשעענישן. די פּראָזע וועבט זיך בהדרגהוויז, די פעדעם ציען זיך פון שטאַם, וואָס איז ערגעץ ווייט, אין אומבאַוווּסטער ווייט פאַרפּעסטיקט. אין יעדן קנייטש פון מענטשן, אין זיין יעדן ריר, אין זיין גאַנצן אויפנעמען און רעאַגירן אויפן לעבן ליגט פאַרבאַהאַלטענע דורותדיקע ירושה, וואָס ווייזט זיך אַרויס אָן דעם באַוווּסטזיין. און אָפטמאָל באַווייזן זיך די סאַמע וויכטיקסטע און מערקווירדיקסטע פּסיכאָ-פּסיכאָלאָגישע שטריכן און אייגנשאַפטן דוקא דורך קליינינקייטן, און מהאי טעמא קאָן זיך די פּראָזע פון אויפרעגונג אליין נישט שפּייזן. און נאַטירלעך איז די פאַרלוירנקייט פון דער פּראָזע אין דער איצטיקער אומרו-צייט.

די עמפינדלעכקייט האט זיך שטאַרק און ראַדיקאַל גע-ביטן, די אַלגעמיינע סביבה האָט זיך געענדערט, דער פּסיכי-שער צושטאַנד פונם מענטש איז אַזוי אומגעביטן, אַז ס'איז שווער צו וועבן אַ חלום, וואָס איז שוין לאַנג איבערגעריסן, זיך אפּגעבן מיט שטימונגען, שטריכן און געפילן פון מענטשן, וואָס זענען פונם איצטיקן לעבן מיט זייער שורש אויסגעריסן געוואָרן, און זענען דערום ווילד-פרעמדע, נישטיקע און לחלוטין איבעריקע. די אלע סענטימענטן, ראָמאַנטישקייט, אידעאַליזי-רונג, רחמנות-געפילן, מיטשטימונג-איינדרוקן פון געוויסע שיכטן מענטשן, פון געוויסע תקופות אין לעבן האָבן אָנגע-ווירן דעם טעם, אינהאַלט און אינטערעס.

און אַ צערודערטער שטייט דער פּראָזאַיקער.

גאַנצע שיכטן פון לעבנס-פּאַסירונגען, ווי זיי האָבן זיך אין פאַרלויף פון יאָרן און דורות געבילדעט און איינגעקריצט און זיין נשמה, ווערן צעשמאָלצן און צערונען אינם זודיקן קעסל פון דער צייט. וויכטיקע עיקרים אינם מענטשנס וועזן, הייליקע דאָגמעס אין דעם גוזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן זענען לעכערלעך און נישטיק געוואָרן, און דער פּראָזע-שרייבער איז ווי אויסגעליידיקט געוואָרן. זיין גאַנצע אָנגעזאַמלטע עשירות איז באַרויבט, און ער מוז ערשט פון ס'ניי אָנהויבן אַ ניי זאַמל-אַרבעט ביי די נייע לעבן-באַדינגונגען, ביים נייעם טעמפּ פון לעבן, פון מענטשן מיט נייע און גאָר אנדערע פאַרהעלטנישן.

שווער איז דעריבער דער פּראָזע דער וועג צום נייעם.

און אין דער צייט, וואס דער ד י כ ט ע ר איז געווען פול מיט לעבן, געברויזט, געשטורעמט, אין דער צייט, וואָס זיין האַרץ האָט געהאַלטן אין איין ארויסשרייען די אויפגע-רייצטע געפילן, אין דער צייט, וואָס דער דיכטער איז גע-ווען פון אויבן-אָן, אין דער זעלבער צייט איז דער פּ ר אָ-ז אַ י ק ע ר געווען פאַרריקט אין זיין אינעווייניקסטער וועלט, זיך געגראָבן אין דעם ארומיקן אויפגערודערטן לעבן און געזוכט נייע אויסדרוק-פאָרמן. און אין פאַרלויף פון עטלעכע

יאָר האָט אונזער פּראָזע געשוויגן, געוואַרט און געשוויגן.
אָבער איינס איז שוין קלאָר:
דער וועג פון אונזער נייער פּראָזע איז —
פון דער קליינער נאָוועלע צום גרויסן ראָמאַן.
ברייטע שטחים, ברייטער פאַרנעם, ברייטע קינסטלערישע יריעות, אָנשטאָט דעם קירצן, אָפּגעהאַקטן אָטעם פון דער נאָוועלע.
אָנשטאט בחורשע-פאַרצווייפלטע אָכצן און קרעכצן אין דעם איינג-צימערל, אָנשטאט גראָשעגע ליידן פון דעם קליין-מענטשל, — פאַרוויקלטע און פאַרצווייגטע לעבנס-פּאַסירונגען פון ברייטן שניט, אויפגערודערטע געשעענישן פונם געווירבל פון די אַקטיווע פאָלקס-מאַסן.
און סימנים פון אָט דעם נייעם ברייטן וועג זענען שוין פאַראַן.

1922